# פערציק יאָר
# אַרבעטער-רינג

## א געשיכטע אין בילדער

צונויפגעשטעלט פון
י. קאַמינסקי

אַרויסגעגעבן פון דער נאַציאָנאַלער עקזעקוטיווע פון אַרבעטער־רינג.

# FORTY YEARS WORKMEN'S CIRCLE

## A HISTORY IN PICTURES

*Published by the National Executive Committee of the Workmen's Circle.*

אשר פורסט

# אַריינפיר

פערציק יאָר אַרבעטער־רינג איז די געשיכטע פון דעם אידישן אַרבעטער און פאָלקס־מענטשן אין אַמעריקע.

דאָס איז די געשיכטע פון הויכן אידעאַליזם, פון גרויסע שטרעבונגען און מוטיקע קאַמפן פון דעם אידישן אַרבעטער־ און פאָלקס־מענטשן.

פון דער געשיכטע קען מען זען, ווי שוין ביים אָנהייב פון דער גרויסער אידישער אימיגראַציע מיט פינף צענדליק יאָר צוריק, האָט דער אידישער וואַנדערער, גלייך ווי ער האָט באַטראָכט דעם אַמעריקאַנער באָדן, גענומען בויען דאָ זיין לעבן, זיך איינבירגערן און שאַפן זיינע אידישע און אַרבעטער־אינסטיטוציעס.

פרעמד איז געווען דעם אידישן אימיגראַנט אין דעם נייעם לאַנד די סביבה, די שפראַך, דער פּאָליטיש־עקאָנאָמישער געבוי. אים זיינען ניט געווען באַקאַנט די געשיכטע און די מנהגים פון לאַנד.

ענגע, חושכדיקע טענעמענט־דיסטריקטן, די סוועט־שעפּער מיט זייער אומרחמנותדיקער, שווינדלעכער עקספּלואַטאַציע — דאָס איז געווען די סביבה, וואָס האָט אַזוי אומהיימלעך, קאַלט און אָן פריינדשאַפט באַגעגנט די אידישע אימיגראַנטישע מאַסן.

אָבער קיין זאַך האָט ניט אָפּגעשראָקן און ניט אָפּגעהאַלטן זייערע שטרעבונגען און באַגערן צו בויען דאָ אַ גרינגער, שענער און גייסטרייך לעבן.

די באַוואוסטזיניקע צווישן זיי האָבן געוואוסט, אַז כּדי איינצובירגערן זיך דאָ אין לאַנד, מוזן זיי בויען זייערע אייגענע אָרגאַניזאַציעס, וואָס זאָלן זיי פאַרטיידיקן, וואָס זאָלן זיי פירן און לערנען, און אַז נאָר דורך אַחדות און פריינדשאַפט וועלן זיי עס דערגרייכן.

און אַזוי אַרום איז אין אָנהייב 1892 געלייגט געוואָרן דער פונדאַמענט פונעם קליינעם אַרבעטער־רינג פאַראיין, פון וועלכן עס איז, מיט 8 יאָר שפּעטער, אין 1900, אויסגעוואַקסן דער גרויסער און איצט פילפאַרצווייגטער אַרבעטער־רינג — אַן אַרבעטער־אָרגאַניזאַציע, „וואָס זאָל מיט אַ רינג פון פריינדשאַפט אַרומנעמען יעדן אַרבייטער פון לאַנד, און מיט רינגען פיל אַרומנעמען אַלע אַרבעטער פון אַלע לענדער“,־האָבן געחלומט די גרינדער.

איבערגעגעבנקייט, טיפע ליבע, הויכער אידעאַליזם, אַ שטאַרקער גלויבן אין אַ בעסערער צוקונפט, אין אַ באַפרייטער מענטשהייט — דאָס אַלץ האָט געהאָלפן אויסשמידן די קייט פון פאַרשיידענע רינגעלעך פון הילף און פריינדשאַפט.

דער אַרבעטער־רינג האָט זיך קיין מאָל ניט באַנוגנט מיט דעם וואָס ער האָט שוין דערגרייכט, נאָר האָט אַלע מאָל געטראַכט ווי אַזוי בעסער און פילזייטיקער צו באַזאָרגן דעם איינצלנעם מיטגליד און זיין משפחה מיט אַלץ מער בענעפיטן און נייע אינסטיטוציעס.

אָבער דער אַרבעטער־רינג האָט ניט בלויז געבויט און געשאַפן די פאַרזיכערונגס־ און קראַנקן־בענעפיטן, דעם סאַנאַטאָריום פאַר טובערקולאָזע, די מעדיקאַל און פּאַשל־סירוויס־דעפּאַרטמענטס, די זומער־קעמפּס פאַר יונגע און דערוואַקסענע. דער אַרבעטער־רינג האָט ניט בלויז געזאָרגט פאַרן פיזישן וואוילזיין פון מיטגליד, נאָר ער האָט אויך גלייכצייטיק און אין דער זעלבער מאָס זיך אָפּגעגעבן מיט דער גייסטיקער און געזעלשאַפטלעכער אַנטוויקלונג פון זיין ברייטער מיטגלידערשאַפט.

די גאָלדענע קייט פון דער אידישער קולטור, וואָס באַשטראַלט און באַחנט דאָס לעבן פון די אידישע מאַסן, איז געוואָרן אַ וויכטיקער באַשטאַנד־טייל פון דער טעגלעכער אַרבעטער־רינג טעטיקייט. די קינדער־שולן, דער ביכער־פאַרלאַג, די חודשלעכע זשורנאַלן, די פּאַמפלעטן און בראָשורן, די כאָרן און דראַמאַטישע גרופּעס, די לייבאָר־ליסעאומס, די ביבליאָטעקן און מאַנדאָלין־אָרקעסטערס, די פאַרשיידענע קאָנצערט־טורן און לעקציעס האָבן אויסגעברייטערט דעם קולטור־האָריזאָנט פונעם אידישן אַרבעטער און פאָלקס־מענטשן, און אָן אַ שיעור בייגעטראָגן צו דער פונאַנדערבליאונג און פאַרטיפונג פון דער מאָדערנער אידיש־וועלטלעכער קולטור אין אַמעריקע.

דער אַרבעטער־רינג האָט זיך אַלע מאָל באַטראַכט אַלס אַ טייל פון די צעזייטע און צעשפּרייטע אידישע מאַסן איבער דער גאָרער וועלט, אויף וועמענס ליידן און פריידן די מיטגלידער האָבן זיך כּסדר ברייטהאַרציק און גערן אָפּגערופן, און זיי געשטיצט אין אַלע נויטן און אומגליקספאַלן.

די קאַמפן און שטרעבונגען פון דער אַרבעטערשאַפט אין אַמעריקע און אין אייראָפּע זיינען געוואָרן אַ טייל פון דעם מיטגלידס לעבן און טעטיקייט. דער אַרבעטער־רינג האָט זיך אַלע מאָל באַטראַכט ווי אַ גליד פון דער אידישער און אַלגעמיינער אַרבעטער־באַוועגונג. אַלע טעטיקייטן זיינע, אַלע שטרעבונגען זיינע זיינען דורכגעדרונגען מיט אַ סאָציאַליסטישן גייסט, און כּסדר האָט ער געקעמפט פאַרן אמת און פאַר דער חשיבות פון דעם יחיד און דעם כּלל.

דער אַרבעטער־רינג איז היינט־צו־טאָג די גרעסטע פראַטערנאַלע אָרגאַניזאַציע פון אידישע אַרבעטער און פאָלקס־מענטשן, אַן אָרדן מיט אַ סך וויכטיקע אינסטיטוציעס, מיט פעסטע בענעפיטן און מיט אַ ברייטן קולטורעלן פאַרנעם. די 744 מענער און פרויען־בראַנטשעס, די ענגליש רעדנדיקע בראַנטשעס און די יוגנט־קלובן, די 145 שולן און מיטל שולן זיינען איין גרויסע פריינדלעכע משפחה, באַהערשט פון אַ גלויבן אין אַ באַפרייטער מענטשהייט.

די עלטערע מיטגלידער און די יוגנטלעכע, די מענער און די פרויען, וואָס האָבן מיט זייער געטריישאַפט, אָפּפערוויליקייט און געמיינשאַפטלעכער אַרבעט אויפגעבויט אַ גלאָררייכע אָרגאַניזאַציע, דעם אַרבעטער־רינג — דאָס איז די בעסטע באַשטעטיקונג, אַז עס האָט זיך געלוינט די מי און די אַרבעט.

זאָל אָט דאָס באַוואוסטזיין דינען ווי אַן אינספּיראַציע פאַר די אידישע־ און ענגליש־רעדנדיקע און זאָלן זיי ווייטער פאַרזעצן בויען און שטאַרקער מאַכן דעם אַרבעטער־רינג.

דאָס געשיכטע־בוך אין בילדער און אין ציפערן שפּיגלט אָפּ קלאָר און בולט אונדזער בוי־אַרבעט, אונדזער אַנטוויקלונג און דערגרייכונגען. אייך, מיטגלידער, קומט דער כּבוד און די אָנערקענונג! איר האָט עס געטאָן — עס איז אייערס!

לאָמיר אין גייסט פון אונדזער פאַרגאַנגענער געשיכטע, ווייטער וועבן אונדזערע צוקונפטס־טרוימען, ווייטער שמידן און טייער האַלטן די רינגען פון אונדזער אַרבעט, ווייטער בויען און קרעפטיקן די אַלזייטיקע שאַפונגען פון דער אָרגאַניזאַציע, וועלכע מיר האָבן 40 יאָר נאָך אַנאַנד געבויט, געהיט און געשיצט מיט ליבשאַפט און געטרייקייט.

די נאַציאָנאַלע עקזעקוטיווע פון
אַרבעטער־רינג.

# Preface

FORTY years of the Workmen's Circle is the history of the Jewish worker and the Jewish folk-masses in America.

It is the story of their high idealism, their great aspirations, and their heroic struggles. It relates the tale of the Jewish wanderer who set foot on American soil at the beginning of the great wave of Jewish immigration five decades ago, and began immediately to strike his roots, to build his home, and to create his Jewish and labor institutions.

Strange was the environment, the language, and the political and economic structure to the Jewish immigrant in the new land. The history and customs of America were alien to him. Cramped and bleak tenements, sweatshops, merciless in their terrible exploitation, these were the environment that gave a hostile, frigid welcome to the Jewish immigrant masses. Yet they remained dauntless and unafraid in their hope to build a better and spiritually finer life.

There were among them those who knew that for the immigrants to really become part of the new land required that they build their own organization, for their own protection, their guidance, and their education. And this they knew could only be achieved through unity and comradeship.

In the early part of 1892 the foundation was laid for the small Workmen's Circle Society which eight years later grew into the large and now mighty Workmen's Circle, a workers' organization "which should unite by a ring of friendship every worker in the land, and with many links unite the workers of every land." Thus dreamt the founders.

Devotion, love, idealism, faith in a brighter future and a liberated mankind, all of these helped to forge the chain with links of mutual aid and friendship.

The Workmen's Circle has never been content merely with what it has accomplished, but has always sought to provide the member and his family with increased benefits and new institutions.

However, the Workmen's Circle created and built not only the insurance and sick-benefit funds, not only a Sanatorium for the tubercular, and Medical and Social Service Departments, and not only the summer camps for young and old. It was not merely the physical well-being of the member with which the Workmen's Circle was concerned. The spiritual and social cultivation of the membership was also its constant preoccupation.

Jewish culture, the golden strain which imbues the life of the Jewish masses with sweetness and light, became an important component of daily Workmen's Circle activity. Yiddish schools for youngsters, publication of Yiddish books, monthly journals, pamphlets, and brochures, choruses and dramatic groups, labor lyceums, libraries, mandolin orchestras, concert and lecture tours, broadened immediately the cultural horizons of the Jewish worker and common man, and gave tremendous stimulus to the flowering of modern Jewish culture in America.

The Workmen's Circle always regarded itself as part of the dispersed Jewish masses in all corners of the world, whose joys the members at all times shared with enthusiasm, to whose sorrows and misfortunes they always responded with generous heart and hand.

The struggles and aspirations of workingmen in Europe and America became a part of the member's life and activity. The Workmen's Circle always considered itself an arm of the Jewish and general labor movement. All its activities, all its hopes, were infused with a socialist spirit; it was ever foremost in the struggle for justice and dignity for both individual and society.

The Workmen's Circle is today the largest fraternal order of the Jewish masses and workers, an organization of important institutions, valuable benefits, and broad cultural sweep. The 744 men's and women's branches, the English-speaking branches and youth clubs, the 145 Yiddish elementary and high schools constitute one family inspired with the hope for a liberated humanity.

The members, men and women, old and young, who with their devotion, self-sacrifice and cooperation reared a glorious organization, as well as the forty-year history of the Workmen's Circle, are the best proof that the effort and toil were not expended in vain.

This history of photographs and figures reveals with full clearness our birth, our development, and our accomplishments. The honor and recognition are yours, members of the Workmen's Circle! Yours is the achievement!

Let us, in the spirit of our past, weave our dreams into the future, further forge and ever cherish the links of our labor, build higher the spires and strengthen the many-sided edifice which is the organization we have built, guarded and protected with love and devotion during the forty years.

*The National Executive Committee*
*of The Workmen's Circle*



דאָס איז געווען
אין פרילינג פון יאָר 1881.
אין צאַרישן רוסלאַנד האָט זיך אָנגע־
פאַנגען אַ כוואַליע פון רדיפות אויסנאַם־
געזעצן און פּאָגראָמען אויף אידן. אַלעקסאַנדער דער
דריטער, וועלכער איז דעמאָלט געוואָרן צאַר פון רוס־
לאַנד, האָט געוואָלט דערטרינקען די רוסישע רעוואָלוציע
אין אידיש בלוט. אידישע היימען זיינען פאַרברענט און
צעשטערט געוואָרן, אידיש האָב און גוטס איז צעראַבירט גע־
וואָרן. הונדערטער קליינע קינדער, מענער און פרויען זיינען
אויסגעשאָכטן געוואָרן פון כוליגאַנעס און פּאָגראָמשטשיקעס.

It was in the spring of the year 1881. Through Czarist Russia roared a torrent of discriminations, persecutions and pogroms. The newly-crowned Czar Alexander III thought to drown the Russian Revolution in Jewish blood. Jewish homes were pillaged; Jewish property was plundered. Hundreds of men, women, and children were put to the sword by the brutal hordes of blackguards and cutthroats.



מיט שרעק
און פאַרצווייפלונג, דערשלאָגענע
און מוטלאָזע, געיאָגטע און געפּלאָגטע, האָבן
זיך די אידישע מאַסן געלאָזט לויפן אין אַלע עקן
וועלט זוכן אַ ווינקל, וואו זייערע לעבנס זאָלן ניט זיין
אין געפאַר, וואו זיי זאָלן קאָנען ערלעך פאַרדינען אַ שטיקל
ברויט, וואו זיי זאָלן זיך פילן פריי און זיך קאָנען אויסלעבן
אומגעשטערט אַלס אידן און אַלס מענטשן. עס זיינען געלאָפן
פון די אידישע געטאָס בעלי־מלאכות, קרעמער, הענדלער, אינטע־
ליגענץ. דער גרעסטער טייל פון זיי האָט זיך געלאָזט קיין אַמעריקע.

Hopeless in their terror, desperate in their persecution, the Jewish masses begun to flee to wherever there was a promise that their lives would not be in danger, that they might with human dignity live as men and as Jews. Workers, shop-keepers, merchants, intellectuals, all joined the march from the Ghetto. The great majority turned their eyes towards America.



אַ סך פון די
אידישע אימיגראַנטן־רעוואָלו־
ציאָנערן האָבן געהאָפט, אַז אין דער
פרייער אַמעריקע וועלן זיי זיך קענען פאַר־
נעמען מיט ערד־אַרבעט, מיטן אַקער־אייזן, ציען חיונה
פון דער מוטער־ערד און ווערן אויס לופטמענטשן. עס
האָט זיך אָבער גאָרניט אויסגעלאָזט פונעם חלום. אַנשטאָט
דעם זיינען זיי אַריינגעפאַלן אין די „טענעמענט"־דיס־
טריקטן, אין די ענגע, פאַרשטיקטע צימערלעך אָן לופט און
אָן זון. פרעמד און אומבאַקאַנט מיט די היגע באַדינגונגען,
האָבן זיי זיך געוואָרפן צו אַלערליי פרנסות.

Many of the immigrant revolutionaries hoped that in the freedom of America they might become farmers, and with their ploughs draw sustenance from the soil instead of conjuring it from the air as *Luftmenschen*. But their hopes came to naught. Instead they fell into a swamp of tenements and slums and breathed the fetid air of their cramped and sunless rooms. Forlorn, they grasped at whatever work they could get.




אַ טייל פון די
אַריבערגעקומענע זיינען געוואָרן
פּעדלער — ווער מיטן פּושקאַרט איבער
די גאַסן, ווער מיטן פּאַק אויף די פּלייצעס
איבער די דערפער און שטעטלעך פון אַמע־
ריקע. איניקע האָבן געאַרבעט אַלס לאַסט־
טרעגער ביים אויסלאָדן די שיפן און אַנדערע
האָבן געגראָבן קאַנאַוועס. די גרעסטע צאָל אידישע
אימיגראַנטן איז אַריין אין די שעפער און שעפּקעלעך פון דער
נאָדל־אינדוסטריע און אַנדערע „טריידס", וואָס האָבן זיך דעמאָלט
געהאַלטן אין צעוואַקסן און אַנטוויקלען.

Many became peddlers trundling pushcarts through the streets of cities, bringing their wares on pack-laden shoulders to the towns and villages of America. Some became longshoremen, others dug ditches. In overwhelming numbers, however, the Jewish immigrants poured into the factories and shops of the needle-trades that were then beginning to grow.



## די באַדינגונגען

אין די „סוועט־שעפּער" זיינען גע־
וועזן אוממענטשלעכע, די עקספּלואַטאַציע
— אַ שוידערלעכע. ענגע, פאַרשטיק־
טע און ניט באַהייצטע שעפּער, אמתע פייער־פּאַסט־
קעס, וואו מען האָט ביי טאָג געאַרבעט ביי גאַז־באַלייכ־
טונג, צו 70—80 שעה אַ וואָך פאַר אַ הונגער־לוין.
דער באָס און דער פאָרמאַן, דער קאָנטראַקטאָר און דער
סאָב־קאָנטראַקטאָר האָבן געהערשט מיט אַן אייזערנער האַנט.
די אַרבעטער פלעגן מוזן צאָלן פאַר באַלייכטונג, פאַר די פאָדעם
און געמוזט ברענגען זייערע אייגענע „זינגער"־מאַשינעס אויף די
פּלייצעס.

עס פלעגן אויסברעכן סטרייקס. די סטרייקס פלעגן זיין
בלוטיקע און לאַנגע.

Conditions in these "sweatshops" were wretched, the exploitation—inhuman. Cramped, stifled and unheated were these fire-traps, where human beings spun their gas-lit toils seventy and eighty hours a week for a pittance. Unchallenged lords of these domains were the bosses and foremen, the contractors and sub-contractors. When they decreed that workers must pay for lighting and for thread, must bring their own sewing machines, it was done.

אָפּט האָבן די אַרבעטער פאַרלאָרן דעם סטרייק. אומקערנדיק זיך צוריק אין די שעפער, האָבן זיי אָבער דעם מוט ניט פאַרלאָרן און די האָפענונג צו פאַרבעסערן זייער ביטערע לאַגע ניט אויפגעגעבן.

But sometimes there were strikes, long and bloody strikes. Though these strikes were often lost, the workers never lost their courage and their hope for better days.





As far back as 1883 there already existed a Jewish tailors' union, though small and powerless. The workers decided to strengthen their union and build their own lodges where friendship and brotherhood would rule.

אַ אידישע שניידער־יוניאָן האָט שוין עקסיסטירט אין יאָר 1883. די אַרבעטער האָבן באַשלאָסן צו באַ־פעסטיקן זייער יוניאָן און גרינדן אַן אייגענעם פאַראיין, וואו עס זאָל הערשן פריינדשאַפט און ברידערלעכקייט.


אויף דער אידישער גאַס האָבן עקסיס־
טירט אַ סך לאָדזשעס און סאָסייעטיס,
וואו עס פלעגן געפּראַוועט ווערן מאָדנע
צערעמאָניעס און קונצן ביים אויפ־
נעמען אַ נייעם מיטגליד. דער אי־
דישער אַרבעטער און פאָלקס־מענטש
האָט געזוכט אַ פּראָגרעסיווע אָרגאַני־
זאַציע וואו עס זאָל הערשן אַ פריינד־
לעכע סביבה.
1טער אַרבעטער: צו די קונצנמאַכער
וועלן מיר עס באַלאַנגען?
2טער אַרבעטער: ניין, מיר דאַרפן
האָבן אונדזערן אַן אייגענעם פאַר־
איין, וואו מיר זאָלן זיך קאָנען
אויסלעבן אין פריינדשאַפט און
העלפן איינער דעם אַנדערן אין
אַלע נויטן.
און אַזוי איז מען געקומען צום
געדאַנק צו גרינדן אַן אַרבעטער־
רינג פאַראיין.
There were at this time many Jewish societies and lodges. Initiation into them was accompanied by many wild rites and ceremonies. But the Jewish worker sought a progressive organization imbued with a friendly atmosphere.
First Worker: How can we join these acrobats!
Second Worker: No, we cannot! We need our own lodge where we can find friendship and mutual assistance in time of need.
Slowly but surely grew the determination to found a Workmen's Circle Society.


אַ ביימעלע האָבן זיי פאַרפלאַנצט—און זעט
וואָס פון דעם האָט זיך צעוואַקסן



# THEY PLANTED A SAPLING — NOW SEE HOW IT HAS ALL BLOSSOMED FORTH

„אונזער בוים"

„אין אַווינטער נאַכט, אַ גרויער,
ס'האָט קיין שטערן ניט געגלאַנצט,
דעמאָלט האָבן גוטע מענשן
אונז אַ ביימעלע געפלאַנצט..."

י. אַדלער.

ב. טומאַרין.

# צום ערשטן מאָל

די ערשטע וואָס האָבן פאָרטראַכט צו גרינדן אַ פאַראיין, וואו אַלע מיטגלידער זאָלן זיין אַרומגענומען מיט אַ רינג פון פריינדשאַפט, זענען געווען צוויי „קלאָוק"־מאַכער — סעם גרינבערג און הערי לאַסקער. זיי האָבן דעם געדאַנק איבערגעגעבן זייער פריינד מ. גאָלדרייך.

די ערשטע זיצונג וואו עס איז באַשלאָסן געוואָרן צו גרינדן אַזאַ פאַראיין איז פאָרגעקומען סוף מערץ, 1892, אין הויז פון סעם גרינבערג, 151 עסעקס סטריט, ניו־יאָרק. אויף דער פאַרזאַמלונג זענען געווען: סעם גרינבערג, הערי לאַסקער, מ. גאָלדרייך, ה. ליוואַי, עקשטיין און רינג. צו זיי זענען נאָך דעם צוגעשטאַנען ד. גינגאָלד, א. בעקער, פאָלטער און דיימאָנד.

די ערשטע פאַרזאַמלונג וואו עס איז אָפיציעל געגרינדעט געוואָרן אַ פאַראיין אונטער דעם נאָמען „אַרבייטער־רינג" איז פאָרגעקומען דעם 4טן אַפּריל, 1892. דעם 18טן אַפּריל, צום צווייטן מיטינג, איז צוגעקומען דער אַרבעטער גאָלדשמיט.

די ערשטע צייטן פלעגן די מיטינגען אָפּגעהאַלטן ווערן אין דער וואוינונג פון היימאַן ליוויי, 174 עלדרידזש סטריט, ניו־יאָרק.

דער ערשטער מיטינג־לאָקאַל איז געווען אין 26 דעלענסי סטריט, ניו־יאָרק.

די ערשטע באַאַמטע פון פאַראיין זיינען געווען: מ. גאָלדרייך, — פאָרזיצער; עקשטיין, — פינאַנץ־סעקרעטאַר; קעלערמאַן, — פראָטאָקאָל־סעקרעטאַר; רינג, — קאַסירער און העלפּענבערג, — האָספּיטעלער.

דער ערשטער פּערז פון אַ ליד, וואָס דער מיטגליד מ. גינגאָלד האָט אָנגעשריבן, אויסדריקנדיק די אידעאַלן און שטרעבונגען פון דעם אַרבעטער־רינג פאַראיין, האָט זיך געלייענט אַזוי:

„מיר שמידן אַ פריינדען־רינג
אין רינגען, רינגען פּיל,
צו שליסן אין איין פאַרבאַנד
פון רינגען אין יעדעם לאַנד".

די ערשטע קאָנסטיטוציע פון דעם אַרבעטער־רינג פאַראיין איז אָנגענומען געוואָרן אויף דער גרינדונגס־פאַרזאַמלונג דעם 4טן אַפּריל, 1892, און איז אויסגעבעסערט געוואָרן דעם 1טן אַפּריל, 1893.

די ערשטע דריי פונקטן פון דער קאָנסטיטוציע זיינען:

ארטיקל 1.

**נאָמען אונד שפּראַכע:**

1) דיזער פאַראיין זאָל דעם נאָמען „אַרבייטער־רינג אָף נו־יאָרק פיהרען".

2) אַלע פאַרהאַנדלונגען און שריפטען דיזעס פאַראיינס זאָלען אויף דייטשער שפּראַכע און שריפט געפיהרט ווערדען. יעדאָך איזט עס דען מיטגלידערען געשטאַטעט זיך איינער אַנדערען שפּראַכע צו בעדיענען.

ארטיקל 2.

**צוועק דעם פעראיינעס:**

1) צוועק דעם פעראיינעס איזט:

א) געגענזייטיגע אונטערשטיצונג דער מיטגליעדער אין אַללע נאָטה אונד אונגליקספאַללען.

ב) פאָרטבילדונגס די מיטגליעדער, · אונד

ג) גרינדונג קאָ־אָפּעראַטיווער געשעפטס אונטערנעהמונגען.

2) דיזע צוויי אַרטיקלען (1 אונד 2) זאָללען ניכט געענדערט ווערדען קעננען זאָ לאַנגע 9 גוטשטעהענדע מיטגליעדער דיזעלבען אויפרעכט צו ענטהאַלטען וואָללען.

ארטיקל 3.

**פערזאַמלונגען:**

3) פאָרטבילדונגס פערזאַמלונגען זאָללען 2 מאהל מאָנאַטליך, אָן טאָגען די דער פעראיין צו בעשטימען האָט, שטאַטפינדען."

***

די ערשטע קאָאָפּעראַטיווע אונטערנעמונג פון אַרבעטער־רינג פאַראיין איז געווען אַ באַרבער־שאָפּ, וואָס איז געעפנט געוואָרן דעם 7טן אַפּריל, 1894, אויף 168 ברום סטריט, און האָט אָנגעהאַלטן קנאַפּע 2 יאָר.

די ערשטע נאָטיץ אין דער אידישער פרעסע פון אַרבעטער־רינג פאַראיין איז דערשינען דעם 8טן יולי, 1892, אין דער „אַרבייטער ציימונג", און האָט זיך געלייענט אַזוי:

„אַרבייטער רינג, ניו יאָרק.
זונטאָג דעם 10טען יולי, 2 אוהר נאָכמיטאָג, ווערט אין 26 דעלענסי סטריט, איין וויסענשאַפטליכער פאָרטראַג געהאַלטען ווערען פון דאָקטאָר זאָלאָטאַראָוו. ער ווערט פאָרטזעצען איבער דאַרווינס. גירזדאַנסקי ווערט איבער נאַטור געשיכטע ריידען. אויסער דעם וועלען די פּרינציפּען דעס אַרבייטער רינגס ערקלעהרט ווערען."

***

די ערשטע אַרבעטער־רינג אונטערנעמונג פאַר אַ רעליף־פאָנד איז פאָרגעקומען מיטוואָך אָוונט, דעם 26טן אָקטאָבער, 1892, אין יוניאָן־טעאַטער. עס איז געשפּילט געוואָרן „משיחס צייטן".

# At First

The first to set out to found an organization in which the members would be bound together by the golden chain of friendship were two cloakmakers, Sam Greenberg and Harry Lasker. They brought their plan to their friend M. Goldreich.

The first meeting at which it was decided to found such a society occurred toward the end of March 1892, in the home of Sam Greenberg, 151 Essex Street, New York City. Those who attended were: Sam Greenberg, Harry Lasker, M. Goldreich, H. Levy, Eckstein, and Ring. These were soon joined by D. Gingold, A. Becker, Falter, and Diamond.

The first meeting at which the Society bearing the name Workmen's Circle was formally founded, took place April 4, 1892. At the second meeting on April 18, the worker Goldsmith joined.

At first the meetings were held in the home of Hyman Levy, 174 Eldridge Street, New York City.

The first meeting locale was at 26 Delancey Street, New York City.

The first officials of the Society were: M. Goldreich, Chairman; Eckstein, Financial Secretary; Kellerman, Recording Secretary; Ring, Treasurer; Helfenberg, Hospitaler.

The first stanza of the song composed by M. Ginggold to voice the ideals and aspirations of the Workmen's Circle Society, reads as follows:

*A friendship chain we forge*
*A chain of countless rings*
*To link a mighty band*
*Of rings in every land.*

The first constitution of the Workingmen's Circle Society was adopted at the organization meeting on April 4, 1892, and was revised April 1, 1893.

The first three articles of the constitution were:

ARTICLE I.

**Name and Language**

1. This society shall be known as the Workingmen's Circle of New York.
2. All business of this society shall be conducted and recorded in the German language.

ARTICLE II.

**Purpose of the Society**

1. The purpose of the Society is:
   a. Mutual assistance among members in times of need and misfortune.
   b. Education of members, and
   c. Organization of co-operative business enterprises.
2. These two articles (I. and II.) shall not be changed as long as nine members in good standing shall be in favor of their continuation.

ARTICLE III.

**Meetings**

3. Educational meetings shall occur twice each month on such days as shall be fixed by the Society.

* * *

The first co-operative enterprise of the Workingmen's Circle Society was a barber shop, which was opened April 7, 1894 at 168 Broome Street, where it continued for two years.

The first notice about the Workingmen's Circle Society in the Yiddish Press appeared on July 8, 1892 in the "Arbeiter Zeitung," and read as follows:

**Workingmen's Circle New York**

On Sunday, July 10, at 2 P. M., a scientific lecture will be delivered by Dr. Zolotaroff at 26 Delancey Street. His topic will be "Darwinism." Girzdansky will speak on natural history. In addition the principles of the Workingmen's Circle will be explained.

* * *

The first Workingmen's Circle affair for a relief fund occurred Wednesday evening, October 26, 1892, in the Union Theatre. The play was "Meshiach's Zeiten."

The first Workingmen's Circle picnic occurred Monday, June 11, 1894 (the second day of Shevuoth) in Bruener's Union Park, 183rd Street and Willis Avenue, Bronx.

# צום ערשטן מאָל

דער ערשטער אַרבעטער־רינג פּיקניק איז פאָרגעקומען מאָנטיק, דעם 11טן יוני, (דעם 2טן טאָג שבועות) 1894, אין בריונערס יוניאָן פּאַרק, 183 סטריט און ווילים עוועניו, בראָנקס.

דאָס ערשטע מאָל אַרויסצוגעבן קראַנקען־בענעפיט איז באַשלאָסן געוואָרן סוף סעפּטעמבער, 1894, ווי עס איז צו זען פון די אָפיציעלע באַריכטן אין דער „אַרבייטער צייטונג", דעם 28טן סעפּטעמבער, 1894, וואו עס ווערט געמאָלדן:

„באַשלאָסן די פאַמיליע פון דעם קראַנקן צו אונטערשטיצן מיט 5 דאָלאַר אַ וואָך, ביז דער זעלבער וועט אימשטאַנד זיין צו אַרבייטן".

די ערשטע יאָרן פון זיין עקסיסטענץ האָט דער אַרבעטער־רינג פאַראיין אָפּגעהאַלטן זיינע פאַרזאַמלונגען דאַון־טאַון. ווען דער פאַראיין האָט זיך צעוואַקסן, האָבן אַ סך מיטגלידער שוין געוואוינט אין האַרלעם און ברוקלין. פאַר אייניקע פון זיי איז געווען שווער צו קומען, מיט דער דעמאָלסטדיקער שוואַכער טראַנספּאָרטאַציע, צו די מיטינגען דאַון־טאַון. עטלעכע מיטגלידער, האַרלעמער איינוואוינער, האָבן אָנגעהויבן האַלטן זייערע פאַרזאַמלונגען אין האַרלעם, אַזוי איז אין אָנפאַנג אָקטאָבער, 1898, געשאַפן געוואָרן אין האַרלעם אַ בראַנטש פון אַרבעטער־רינג. אַ צווייטער בראַנטש איז אינסטאַלירט געוואָרן דעם 3טן יוני, 1899, מיט 29 מיטגלידער. ביידע בראַנטשעס, בראַנטש 1, פון האַרלעם און בראַנטש 2, פון ברוקלין, זיינען געווען אונטער דער קאָנטראָל פון אַרבעטער־רינג פאַראיין, וואָס האָט זיך געפונען דאַון־טאַון.

דער ערשטער צו אַגיטירן אַז דער אַרבעטער־רינג פאַראיין זאָל אויסגעשטעלט ווערן אויף נאַציאָנאַלע יסודות און זאָל זיך פאַרצווייגן און אויסשפּרייטן אין אַנדערע שטעט זיינען געווען: ל. פּלאַטאָוו, סעקרעטאַר פון פאַראיין און י. אַנאַפּאָל, סעקרעטאַר פון בראַנטש 1, האַרלעם.

דער ערשטער מיטינג וואו עס איז אָפיציעל באַשלאָסן געוואָרן צו רע־אָרגאַניזירן דעם „אַרבייטער־רינג פאַראיין אָף ניו־יאָרק" אין אַן אַרבייטער־אָרדן — אַרבייטער־רינג — איז פאָרגעקומען אָנפאַנג סעפּטעמבער (5), 1900, אויף 42 גרענד סטריט. פון די קנאַפּע 300 מיטגלידער זענען צו יענעם מיטינג געקומען אומגעפער 160. דער פאָרזיצער פון יענער פאַרזאַמלונג איז געווען סאַנדיק. מיט דער גרינדונג פון אָרדן איז דער פאַראיין געוואָרן בראַנטש 1. דער האַרלעמער בראַנטש 1 איז געוואָרן בראַנטש 2 און דער ברוקלינער בראַנטש 2 איז געוואָרן בראַנטש 3.

די ערשטע צייט, נאָך דעם ווי עס איז באַשלאָסן געוואָרן זיך צו אָרגאַניזירן אין אַן „אַרבייטער־רינג־אָרדן", האָט זיך דער אַרבעטער־רינג גערופן „צענטראַל פאַרבאַנד פון אַרבייטער־רינג בראַנטשעס" שפּעטער צו, ווען מע האָט באַשלאָסן אַרויסצונעמען אַ טשאַרטער, האָט מען בּיסלעכווייז אָנגעפאַנגען זיך צו באַצייכענען ווי „אַרבייטער־רינג אָרדן".

דער ערשטער פּראָוויזאָרישער סעקרעטאַר פון דער אָרגאַניזאַציע איז געווען אב. באַראָוו (דער שפּעטערדיקער מענעדזשער פון קלאָוקמייקערס יוניאָן).

דער ערשטער גענעראַל־סעקרעטאַר פון אַרבעטער־רינג איז געווען בנימין פייגענבוים (פּראָוויזאָריש, ביז צום ערשטן קאָנווענשאָן).

די ערשטע אַרבעטער־רינג קאָנווענשאָן איז פאָרגעקומען דעם 29-30-31טן מערץ, 1901, אין 414 גרענד סטריט מיט 29 דעלעגאַטן, וואָס האָבן פאַרטראָטן 9 בראַנטשעס, מיט אַ מיטגלידערשאַפט פון 644. דער פאַרמעגן פון אַרבעטער־רינג צו דער ערשטער קאָנווענשאָן איז געווען, לויט דעם אָפיציעלן באַריכט 1.206,62 דאָלאַר (912,22 אין די הענט פון דער עקזעקוטיווע און 294,40 ביי די בראַנטשעס). צו דער צווייטער קאָנווענשאָן אין מאַי, 1922, אויף 114 גרענד סט., זיינען שוין געווען 17 בראַנטשעס מיט 987 מיטגלידער.

דער ערשטער גענעראַל־אָפיס איז געווען אויף 40 קריסטי סטריט און איז באַשטאַנען פון איין צימערל, וואו עס איז קוים געווען פּלאַץ פאַר אַ טישל און אַ שטול.

דעם ערשטן באַצאָלטן „אַדווערטייזמענט" פון אַרבעטער־רינג געפינען מיר אין „פאָרווערטס" דעם 28טן יולי, 1901:

> **„דער אַרבייטער רינג"**
>
> צאָהלט קראַנקען אונטערשטיצונג 6 דאָל. אַ וואָך, 12 וואָכען. טויטען בענעפיט 400 דאָל. פון אַ מאַן, 200 דאָלאַר פון אַ פרוי.
>
> העד־קוואָרטערס פון די נאַציאָנאַל־עקזעקוטיווע: 40 קריסטי סטריט קאָר. קאַנעל.
>
> ב. פייגענבוים, סעקרעטאַר.
>
> אָפיס שטונדען: יעדען טאָג, אויסער זונטאָג, פון 4 ביז 9 נאָכמ. עקזעקוטיוו מיטינג אין אָפיס יעדען מאָנטאָג אבענד.

# At First

The first sick benefit payment was decided upon toward the end of September, 1894, as can be seen from official reports in the "Arbeiter Zeitung" of September 28, 1894, which read as follows:

"Decided to aid the family of the sick members with five dollars a week, until such time as he will be able to work."

During the first years of its existence the Workingmen's Circle Society conducted its meetings in downtown New York.

As the Society grew it recruited members in Harlem and Brooklyn. Some of them found it difficult to attend meetings because of the poor transportation facilities. A number of members who resided in Harlem began to hold separate meetings in their neighborhood. In this manner a Harlem branch of the Workingmen's Circle Society came into being in October 1898. A second branch of 39 members was installed in Brooklyn on June 3, 1899. Both, Branch 1 in Harlem and Branch 2 in Brooklyn, were under the jurisdiction of the Workingmen's Circle Society of downtown New York.

The first to agitate for a Workingmen's Circle built on a firm financial basis with branches in other cities as well, were L. Platiw, Secretary of the Society and J. Anapol, Secretary of Branch 1, Harlem.

The first meeting at which it was officially decided to reorganize the Workingmen's Circle Society into a workers' order, the Workmen's Circle, occurred September 5, 1900, at 42 Grand Street. 160 of the 300 members were present at the meeting. Chairman of the meeting was one Sandick. With the founding of the order, the original Society became Branch 1, Branch 1 of Harlem became Branch 2, and the Brooklyn Branch became Branch 3.

At first the Workmen's Circle was called the Central Union of Workmen's Circle Branches. Later, when it was decided to procure a charter, the organization came to be known as the Workmen's Circle Order.

The first provisional Secretary of the organization was Abraham Barov (later Manager of the Cloakmaker's Union).

The first General Secretary of the Workmen's Circle was Benjamin Feigenbaum (provisionally, until the first Convention).

The first Workmen's Circle Convention occurred on March 29, 30, 31, 1901 at 414 Grand Street, New York City. Present were 29 delegates representing 9 branches with a total membership of 644. The assets of the Workmen's Circle according to the official report at the first Convention were $1206.62 ($912.22 belonging to the Executive Committee, $294.40—to the Branches).

The first General Office was located at 10 Christie Street and consisted of one room, large enough for a chair and a table.

The first paid advertisement of the Workmen's Circle appeared in the "Forward" of July 28, 1901:

> The Workmen's Circle pays sick-benefit $6.00 a week for 12 weeks. Death benefit $400 for a man, $200 for a woman. Headquarters of the National Executive Committee, 40 Christie Street, corner Canal. B. Feigenbaum, Secretary.
>
> Office hours: Every day except Sunday, 4:00 to 9:00 P. M. Executive Committee meetings every Monday evening at the Office.

The first time that the Workmen's Circle expelled a member occurred in the case of a member of Branch 1, who worked for the Republican Party.

The first official organ of the Workmen's Circle appeared during the winter of 1901-2, after the second Convention and was called "Diskutant." The first issue was hectographed. The second issue of "Diskutant" consisted of four printed pages (a reproduction can be found on another page).

The first benefits decided upon after the founding of the organization were: $400 death benefit for a man, $200 for a woman, funeral expenses for the entire family.

# צום ערשטן מאָל

דאָס ערשטע מאָל, אַז דער אַרבעטער־רינג האָט אויסגעשלאָסן אַ מיטגליד איז געווען פון בראַנטש 1, ווייל דער מיטגליד האָט געאַרבעט פאַר דער רעפּובליקאַנער פּאַרטיי.

דער ערשטער אָפיציעלער אַרבעטער־רינג אָרגאַן איז דערשינען העקטאָגראַפירט, נאָך דער ערשטער קאָנווענשאָן, ווינטער 1901־2, אונטער דעם נאָמען „דיסקוטאַנט”. דער 2טער נומער „דיסקוטאַנט” איז באַשטאַנען פון 4 געדרוקטע זייטן (זע מוסטער אויף אַן אַנדער אָרט).

די ערשטע בענעפיטן נאָך דער גרינדונג זיינען געווען: 12 וואָכן קראַנקן־בענעפיט צו 6 דאָל.; 400 טויטן־בענעפיט פאַר אַ מאַן, 200 דאָלאַר פאַר אַ פרוי. לויה־הוצאות (פיונעראַל עקספּענסעס) פאַר דער גאַנצער פאַמיליע.

דאָס ערשטע מאָל אַז די קאָנסטיטוציע פון אַרבעטער־רינג איז אָפּגעדרוקט געוואָרן אין אַ ביכל, איז געווען אין 1902 (זע מוסטער אויף אַן אַנדער אָרט).

דאָס ערשטע מאָל אַז די פראַגע וועגן קינדער־דערציאונג איז אויפגענומען געוואָרן ביים אַרבעטער־רינג איז געווען אויף דער 2טער קאָנווענשאָן, דעם 8טן מאַי, 1902, אויף 114 גרענד סטריט.

די ערשטע סאָנדיי־סקול פאַר קינדער (אין ענגליש) איז געעפנט געוואָרן דעם 10טן נאָוועמבער, 1900.

דער ערשטער רעפערענדום איז אַרויסגעשיקט געוואָרן נאָך דער ערשטער קאָנווענשאָן, אין יאָר 1901, און איז באַשטאַנען פון 10 פּונקטן.

דער ערשטער אַריינצוברענגען דעם געדאַנק צו גרינדן אַן אייגענעם סאַנאַטאָריום פאַר שווינדזיכטיקע איז געווען דר. טשאַרלס ראַיעווסקי, אין יאָר 1907.

דאָס ערשטע מאָל, ווען מ'האָט באַשלאָסן צו גרינדן אַ סאַניטאָריום, איז געווען אויף דער לעצטער זיצונג פון דער 8טער קאָנווענשאָן אין פילאַדעלפיע, אין מאַי, 1908.

דער ערשטער דאָקטער פון סאַנאַטאָריום איז געווען דר־עמנואל זינגער, וועלכער איז נאָך ביז איצט פאַרבונדן מיטן סאַנאַטאָריום.

דער ערשטער מענעדזשער פון סאַנאַטאָריום איז געווען מ. ראָזנבלאַט. דער סאַנאַטאָריום איז אָפיציעל געעפנט געוואָרן דעם 12טן פעברואַר, 1910.

דער ערשטער קראַנקער אין סאַנאַטאָריום איז געווען אַ מיטגליד פון בר. 288.

דאָס ערשטע יאָר האָבן זיך געפונען אין סאַנאַטאָריום 132 פּאַציענטן.

די ערשטע בילדונגס־קאָמיסיע איז געוויילט געוואָרן אויף דער 4טער קאָנוועגשאָן, אָפּגעהאַלטן אין ברוקלין, נ. י., אין מאַי, 1904.

דער ערשטער טשאַרטער פון אַ סטייט־אינשורענס דעפּאַרטמענט איז אַרויסגעגעבן געוואָרן דעם אַרבעטער־רינג דעם 22טן נאָוועמבער, 1905, פון ניו יאָרק סטייט אינשורענס דעפּאַרטמענט.

דאָס ערשטע מאָל איינצופירן קאָנסאָמפּשאָן־בענעפיט 100 דאָלאַר צו אַ מיטגליד, איז אָנגענומען געוואָרן אויף דער 3טער קאָנווענשאָן אין ניו־יאָרק, מאַי, 1903.

דער ערשטער אָפיציעלער יערלעכער רעפּאָרט (פון 1טן מערץ, 1901, ביזן 1טן מערץ, 1902) איז דערשינען צו דער 2טער קאָנווענשאָן, אונטער דעם נאָמען „אַ יאָר אין אַרבייטער־רינג”.

דאָס ערשטע מאָל וואָס דער אַרבעטער־רינג האָט אָפּיציעל אָנערקענט דעם 1טן מאַי אַלס אַן אַרבעטער־רינג יום־טוב, וואָס אַלע בראַנטשעס דאַרפן פייערן, איז געווען אויף דער צווייטער קאָנווענשאָן אין מאַי, 1902.

דער ערשטער פּאַרזיצער פון אַרבעטער־רינג איז געווען סעם שאַפּיראָ, פון 1904 ביז 1905 (ביז צום יאָר 1904 איז נאָך אַזאַ אַמט ניט געווען).

דער ערשטער בילדונגס־דעפּאַרטמענט איז געגרינדעט געוואָרן לויט אַ באַשלוס פון דער 10טער קאָנווענשאָן אין מאַי 1910.

דער ערשטער פרויען־בראַנטש איז געגרינדעט געוואָרן אין יאַנואַר 1901 מיט אַרום 100 מיטגלידער.

דער ערשטער סעמעטערי־דעפּאַרטמענט איז אָרגאַניזירט געוואָרן פון דער נאַציאָנאַלער עקזעקוטיווע אין סעפּטעמבער, 1907.

די ערשטע אָנצופירן מיט דער אַרבעט פון סעמעטערי־דעפּאַרטמענט איז געווען מיס ראָוז אַש, וועלכע איז אָנגעקומען אין אָפּיס פון אַרבעטער־רינג אין יאָר 1907. אין יאָר 1910 איז זי באַשטימט געוואָרן אַלס סעקרעטאַרין פון סעמעטערי דעפּאַרטמענט, אַן אַמט וואָס זי האַלט אַן ביז איצט.

דער ערשטער כאָר איז געגרינדעט געוואָרן אין זומער 1914, אָבער פאַקטיש הייבט ער אָן זיין צייט־רעכענונג פון 1915.

דער ערשטער דיריגענט איז געווען נ. זאַסלאַווסקי.

# At First

The first copy of the Workmen's Circle Constitution to be printed in book form appeared in 1902.

The first occasion at which the question of education of members' children was broached occurred at the second Convention on May 8, 1902 at 114 Grand Street.

The first Workmen's Circle Educational Committee was elected at the organization's first Convention, held at Brooklyn, N. Y., in May, 1904.

The first State Insurance Department Charter was granted to the Workmen's Circle on November 22, 1905, by the New York State Insurance Department.

The first official annual report (from March 1, 1901 to March 1, 1902) was released at the second Convention, and was entitled, "A Year in the Workmen's Circle."

At the first Convention, in 1901, the Workmen's Circle consisted of 9 branches, and had a membership of 644.

At the second Convention, held in May, 1902, in 114 Grand Street, the Workmen's Circle embraced 117 branches, and had a membership of 987.

The Workmen's Circle first officially recognized May 1st as a Workmen's Circle holiday, at the second Convention, in May, 1902.

The first Chairman of the Workmen's Circle National Executive Committee was Sam Shapiro. He held the post from 1904 to 1905. (Until the year 1904, such a position did not yet exist).

The first Educational Department was initiated in line with the decision of the 10th Convention, in May, 1910.

The first Women's Branch was organized in January, 1901, with 100 members.

The first Cemetery Department was organized by the National Executive Committee in September, 1907.

The first administrator to conduct the work of the Cemetery Department was Miss Rose Asch, who joined the Workmen's Circle Office Staff in 1907. She was appointed as Secretary of the Cemetery Department, a post she holds to the present day.

The first "Sunday School" for children (in English) was opened on November 10, 1900.

The first referendum vote was held following the first Convention, in 1901, and consisted of ten items.

The first Women's Branch was organized at the end of March, 1904, and was called Women's Branch No. 1.

The question of the Old Age Fund was discussed for the first time at the 7th W. C. Convention, held in New York, in May, 1907.

The first to propose the idea of founding our own Sanatorium for tuberculosis was Dr. Charles Rayewsky, in the year 1907.

The first decision on the question of establishing a Sanatorium was adopted at the final session of the 8th Convention, in Philadelphia, in May, 1908.

The first doctor engaged by the Sanatorium was Dr. Emanuel Singer, who is now associated with it as Admitting Physician.

The first manager of the Sanatorium was M. Rosenblatt. The Sanatorium was officially opened on the 12th of February, 1910.

The first patient admitted to the Sanatorium was a member of Branch 288.

During the first year 132 patients were enrolled at the Sanatorium.

The first decision to issue a monthly journal was adopted at the 10th Convention in New York, in May, 1910.

The first issue of the journal, "The Friend," appeared in November, 1910.

The first editor of "The Friend" was Dr. B. Hoffman (Zivyon).

The question of the Medical Department was officially considered for the first time at a Conference of Branches, held in New York, February 2, 1919.

The first Medical Department was opened on October 1, 1919.

The first Choir was organized in the summer of 1914. However, it really began to function in 1915.

The first Choir Conductor was N. Zaslavsky.

The first English-speaking Young Circle Club was organized March 5, 1925.

# צום ערשטן מאָל

דער ערשטער סימפאָנישער אָרקעסטער איז געגרינדעט געוואָרן אין 1918, אויף דער איניציאַטיוו פון א. אַלטמאַן.

דער ערשטער פרויען-בראַנטש, מיט די זעלבע רעכט און פליכטן ווי די מענער-בראַנטשעס, איז געגרינדעט געוואָרן סוף מערץ, 1904, און האָט געהייסן דער פרויען-בראַנטש 1.

דער ערשטער באַשלוס אַרויסצוגעבן אַ חודשלעכן זשורנאַל איז אָנגענומען געוואָרן אויף דער 10טער קאָנווענשאָן אין ניו-יאָרק, אין מאַי, 1910.

דער ערשטער נומער „פריינד" איז דערשינען אין נאָוועמבער, 1910.

דער ערשטער רעדאַקטאָר פון „פריינד" איז געווען דר. ב. האָפמאַן (צביון).

צום ערשטן מאָל איז די פראַגע וועגן אַן „אַלד-איידזש" פאָנד אויפגענומען געוואָרן אויף דער 7טער קאָנווענשאָן אין ניו-יאָרק, אין מאַי, 1907.

דאָס ערשטע מאָל וואָס די פראַגע וועגן מעדיקאַל דעפּאַרטמענטס איז אויפגענומען געוואָרן אָפיציעל, איז פאַרגעקומען אויף דער קאָנפערענץ פון די בראַנטשעס אין ניו-יאָרק, דעם 2טן פעברואַר, 1919.

דער ערשטער ענגליש-רעדנדיקער יאָנג-סוירקל קלוב איז געגרינדעט געוואָרן דעם 5טן מערץ, 1925.

דער ערשטער יאָנג-סוירקל בראַנטש איז אינסטאַלירט געוואָרן אין אָמאַהאַ, נעבראַסקאַ, דעם 15טן אָקטאָבער, 1929. דעם 20טן נאָוועמבער, דעם זעלבן יאָר, איז געגרינדעט געוואָרן אין פלעטבוש אַ בראַנטש. אין 1903 זיינען שוין געווען 12 יאָנג-סוירקל בראַנטשעס.

דער ערשטער סאָשעל סירוויס דעפּאַרטמענט איז געעפנט געוואָרן דעם 15טן יולי, 1929, מיט מיס אַש אַלס סופּערוויזער, אַן אַמט וואָס זי האַלט ביז איצט אָן.

דער ערשטער קאָנווענשאָן-סואַווועניר איז אָפּגעדרוקט געוואָרן צו דער 4טער קאָנווענשאָן, רייך אילוסטרירט און מיט פאָלגענדן אינהאַלט:

1) אַ בילד ווי די פעלקער שטרעבן צו דער ליכטיגער צייט.

2) 27 בילדער פון פאַרשידענע פאָרשטייער פון דער סאָציאַליסטישער און רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג (זשול געד, זשאַן זשאָרעס, פאָול לאפארג, לאַסאַל, מאַרקס, ענגעלס, עמיל וואַנדערווילדע, ווילהעלם ליבקנעכט, א. וו. קינדמאַן, דר. וויקטאָר אַדלער, עדואַרד בערנשטיין, קאַרל קאַוטסקי, ענריקאָ פערי, אויגוסט בעבעל, פאָול זינגער, יודזשין וו. דעבס, אַלעקסאַנדער יאָנאַס, סערגאָסלעוויטש, הירש לעקערט, סאָפיאַ פעראָווסקאַיאַ, סטעפאַן באַלמאַשאָוו, פעטער קראָפּאָטקין, מיכאַיל באַקונין, דזשאָן מאָסט, פעטער לאַנקאָוו, אהרן זונדעלעוויטש, סערגעי קראַווטשינסקי (סטעפניאַק).

3) די העלדען פון דער קאָמונע (דעלעקלאַז, פערי, לואיזע מישעיל, פלאָרענס, מיללייער, דאָמבראָווסקי, און ווערמאָרעל).

4) מאַרטירער בלוט, געדיכט — — — — א. ליעסין

5) בעגריסונג — — — — — — — — א. ליעסין

6) אַ פּאָעטישער בריעף פון וו. איבסען, פריי איבערגעגעבען — — — — — — מ. קאַטץ

7) אַ משל מיט אַ נמשל — — — — — אַב. קאַהאַן

8) דאָס וואָרט און די טהאַט — — מ. ווינטשעווסקי

9) דער וויסענשאַפטליכער סאָציאַליזם און די פראַזען סאָציאַליסטען — — — — — דר. ק. פאַרנבערג

10) דער אַרב. רינג און די איד. באַוועגונג—ל. פעסקין

11) ווי קומט אַ בענעפיט סאָסייעטי צו פּאָליטיק — — — — — — ב. פייגענבוים

12) דער שטאַאַט אַלס באָס — — — — — — — יצחק אייזיק בן אריה צבי הלוי

13) פרייהייט און סאָלידאַריטעט — ה. זאָלאָטאַראָף

14) דער אַרב. רינג און העגעלס טריאַדע — ל. מילער

15) דאָס שיף דער פרייהייט (געווידמעט צו די דעלעגאַטען פון דער 4טער קאָנוועשאָן אַרבייטער-רינג) — — — — — — ה. רויזענבלאַט

16) צו דער 4טער קאָנווענשאָן פון אַרבייטער רינג — — — — — — יאָזעף באַראָנדעס

17) אַ בילד פון דעם אידישען לעבען אין רוסלאַנד — — — — — — — — — ב. גאָרין

18) אַ פאַנטאַזיע — — — — — — יעקב גאָרדין

19) אינערציע אָנגעווענדעט אויף אַ סאָציאַלע באַוועגונג — — — — — — — — ל. ראָזענצווייג

20) אונזער יעהרליכער פינאַנס בעריכט — — — —

21) די סמנים (וואָדעוויל) — — — — — ז. ליבין

דאָס ערשטע וויכטיקע בוך, וואָס דער אַרבעטער-רינג האָט אַרויסגעגעבן איז דערשינען אין יאָר 1913 אונטערן נאָמען „די וועלט און מענטשן", אַ זאַמלונג פון 12 עסייען, אונטער דער רעדאַקציע פון מאָרים טערמאַן. דאָס בוך איז פאַרקויפט געוואָרן אין 6,000 עקזעמפּלאַרן.

# At First

The first Young Circle Branch was installed in Omaha, on October 15, 1929. On November 20, of the same year, a branch was organized in Brooklyn. In 1933, the W. C. already had 12 Young Circle Branches.

The first W. C. symphony orchestra was organized in 1918, by A. Altman.

The first Convention Souvenir Journal was published at the 4th Convention. It was profusely illustrated and contained the following features:

1) A photo showing the peoples of the earth hoping for a better world.
2) 27 photos of various spokesmen of the Socialist and revolutionary movement (Jules Ged, Jean Jaures, Paul Lafarg, Lassalle, Marx, Engels, Emil Vandervelde, Wilhelm Liebknecht, A. V. Kindman, Dr. Victor Adler, Eduard Bernstein, Karl Kautsky, Enrika Ferri, August Bebel, Paul Zinger, Eugene V. Debs, Alexander Janos, Mergaslevitch, Hirsch Lekert, Sophia Perovskaya, Stephen Bolmashov, Peter Kropotkin, Michel Bakunin, Johann Most, Peter Lankov, Aaron Zundelevich, Sergei Kravchinsky (Stepniak).
3) The heroes of the Commune (Deleklos, Perry, Louise Michel, Florence Millier, Dombrovsky and Vermarel).
4) Martyr Flower, a poem ............... A. Liesin
5) Greeting ............... A. Liesin
6) A Poetic Letter, by H. Ibsen, freely translated ............... N. Katz
7) A Tale with a Moral ............... A. Cahan
8) The Word and the Deed ............... M. Wintchevsky
9) Scientific Socialism and the Phrase Socialists ............... Dr. K. Forenberg
10) The Workmen's Circle and the Jewish Movement ............... L. Peskin
11) How Does a Benefit Society Come to Politics? ............... B. Feigenbaum
12) The State as Boss ............... Itzchok Isaac Ben Ariah Zvi Halevi
13) Liberty and Solidarity ............... H. Zalataroff
14) The Workmen's Circle and Hegel's Triad ............... L. Miller
15) The Ship to Liberty (dedicated to the delegates of the 4th Convention, W. C.) H. Rosenblatt
16) To the 4th Convention of the Workmen's Circle ............... Joseph Barondes
17) A Description of Jewish Life in Russia B. Gorin
18) A Fantasy ............... Jacob Gordin
19) Inertia Applied to a Social Movement. L. Rosenzweig
20) Our Annual Financial Report
21) The Signs (humorous sketch) ...... Z. Libin

The first important book published by the Workmen's Circle, was issued in 1913, and was entitled, "The World and People." It was a collection of 12 essays and was edited by Morris Terman. Six thousand copies of the book were sold.

The first Social Service Department was opened on July 15, 1929, with Rose Asch as Supervisor, a position she holds to this day.




A Group of the Founders of the W. C.

Two of the Earliest Members.



M. GOLDRICH
As He Appeared in
the Days of the Paris
Commune.



D. GINGOLD
a Blacksmith by
Trade.



The Discutant — Der Diskutant

דיסקוטאנט

ארגאן פון דעם ארבייטער רינג.

פענסיע פיר אלטע ארבייטער.

The Second Issue of the
First Official Organ of
the W. C.



A Group of Bundist Women, Who Organized a W. C. Branch 35 Years Ago
Known as Vilner Revolutionary Ladies' Branch 164.



MEYER LONDON
First Legal Advisor of the W. C.



SAM SHAPIRO
First President of the W. C.



B. FEIGENBAUM
First General Secretary



ROSE ASCH
First Manager of the Cemetery Department.



DR. B. HOFFMAN (ZIVION)
First Editor of the "The Friend"



No. 94

THE WORKMEN'S CIRCLE

דער ארבייטער רינג

Certificate of Membership.

This is to certify that the holder, Friend E. Stein has been admitted to membership of the Workmen's Circle and is entitled to all benefits and privileges of the same, according to its Constitution, provided the Secretary of his branch ... proves the continued membership.

........ 1900

........ Gen'l Sec'y.

Membership Certificate Issued in 1900.



BEAMTE:

Arbeiter Ring of New York

(Workingmens Circle)

MITGLIEDS CARTE

Quartal No. 9

Aufgenommen June 30. 1893

Freund Marcus Asch

ARBEITER-RING OF NEW YORK GEGRÜNDET 4 APRIL 1892

Statfindende Versammlungen

Membership Card Issued June 30, 1903



STATE OF NEW YORK

Insurance Department.

Francis Hendricks, Superintendent of Insurance

FINAL CERTIFICATE OF AUTHORITY.

WHEREAS, Albany, November 22nd, 1905

THE WORKMEN'S CIRCLE,

LOCATED IN THE CITY OF NEW YORK, COUNTY OF NEW YORK AND STATE OF NEW YORK,

has filed in this department the declaration required by the provisions of Section 230, of Article VII, of Chapter 690 of the Laws of 1892 the insurance law as amended, together with a sworn statement by three incorporators required by this same section, and the same having been duly referred to the Attorney General and he having returned the same with his certificate of approval to this department;

AND WHEREAS, the Superintendent of Insurance having issued to the said

THE WORKMEN'S CIRCLE.

ON THE 17th DAY OF MAY 1905,

a preliminary certificate of authority authorizing said order to commence business as proposed in its declaration, when at least five hundred persons have subscribed in writing to be beneficiary members therein in the aggregate amount of at least Four Hundred Thousand Dollars $400000 and have each paid in one full assessment on each amounting to at least one percent thereof and the Superintendent of Insurance shall have certified that it has complied with the provisions of the insurance law,

and Whereas,

it appearing from a report made to me by commissioners duly appointed for the purpose of examining said order, their report bearing date November 18th 1905 that the requirements of the Insurance law on completion of the organization of said order have been complied with and that the necessary number of persons have subscribed in writing to be beneficiary members to the proper amount of insurance and that they have each paid in one full assessment on each amounting to at least one per cent of the amount of insurance applied for.

NOW, THEREFORE, I, FRANCIS HENDRICKS, SUPERINTENDENT OF INSURANCE of the State of New York do hereby certify that the said

THE WORKMEN'S CIRCLE,

is duly authorized to transact business and that the said order is duly constituted a body politic and corporate with the powers and privileges of a Fraternal Beneficiary Society Order or Association

In Witness Whereof, I have hereunto subscribed my name and caused my official seal to be affixed, in duplicate at the City of Albany the day and year first above written

SUPERINTENDENT OF INSURANCE

A Copy of the First Charter Given the W. C. by a State Insurance Department (N. Y. State) on November 22, 1905.

**אויסגעצאָלט ביז איצט:**

**8,996**

**פאַרמעגן:**

**4,541**

דער רינג וואָס ג
גאַנצ



**d and support to the**
**mily.**

# אַרבעטער־רינג
# בענעפיטן

- אינשורענס
(טויטן־בענעפיט פון $100 ביז $3000)
- קראַנקן־בענעפיט
(15 וואָכן צו 8 דאָלער א וואָך)
- עקסטרא קראַנקן־בענעפיט
פון די לאָקאַלע ברענטשעס —
- פיונעראַל־דעפּאַרטמענט
סעמעטערי
- 15 חדשים סאַנאַטאָריום
(חוץ 15 וואָכן קראַנקן־בענעפיט)
- לאָקאַלע דיסטריקט דאָקטוירים
- מעדיצינישע הילף און אַנווייזונגען
(מעדיקאַל־דעפּאַרטמענט)
- הילף אין לעגאַלע און פאַמיליען־
אַנגעלעגנהייטן סאָשעל סוירוויס
- הילפס־פאָנד פאַר נויטבאַדערפטיקע אַלטע
מיטגלידער
- קלובן און ברענטשעס פאַר דער ענגליש־
רעדנדיקער יוגנט.
- אידישע דערציאונג פון אייער קינד
- בילדונג און פאַרווײלונג

## WORKMEN'S CIRCLE BENEFITS

**Insurance**
(Death Benefit from $100 to $3,000)

**Sick Benefit**
(15 Weeks at $8 per Week)

**Extra Sick Benefit**
**From the Local Branch**

**Funeral Benefit**
**Cemetery**

**15 Months in the Sanatorium**
(In Addition to Sick Benefit)

**Local, District Physicians**

**Medical Aid and Advice**
(Medical Department)

**Social Service**

**Fund for Needy Aged Members**

**Clubs, Youth Branches and English-Speaking Branches**

**Yiddish Education for the Young**

**Education and Recreation**

PAID OUT TO DATE:

**$17.**

Assets:

**$7.6**

יץ און הילף דער
מיליע



**The Ring which give**
**enti**



The Dining Room



Ready for an X-Ray



Periodic Examinations

## סאַנאַטאָריום

שוין אין די ערשטע יאָרן פון זיין עקסיסטענץ האָט דער אַר-
בעטער-רינג אַ סך זיך אָפּגעגעבן מיט דער פראַגע, וואָס צו
טאָן מיט זיינע מיטגלידער, וואָס ליידן פון דער פּראָלעטאַ-
רישער קרענק — שווינדזוכט. אויף דער 8טער קאָנווענ-
שאָן אין 1908, איז באַשלאָסן געוואָרן צו גרינדן אַן איי-
גענעם סאַנאַטאָריום. דעם 22טן נאָוועמבער, 1908 איז
געקויפט געוואָרן די בערגער-פאַרם אין ליבערטי,
אין איינעם פון די טרוקנסטע און שענסטע באַרג-געגנטן
אין ניו-יאָרק סטייט. דעם 2טן פעברואַר, 1910, איז דער
סאַנאַטאָריום געעפנט געוואָרן מיט איין פּאַציענט. אין
פאַרלויף פונעם ערשטן יאָר האָבן זיך אין סאַנאַטאָריום
געפונען 132 פּאַציענטן. אַ קראַנקער מיטגליד
האָט אַ רעכט צו זיין אין סאַנאַטאָריום 15 חדשים.
די געביידעס, דאָס לאַנד, די מעדיצינישע אַפּאַ-
ראַטן און די אויסבעסערונגען האָבן געקאָסט העכער
אַ האַלבן מיליאָן דאָלאַר. די קאָנסאָמפּשאָן-בענעפיט
און אויסהאַלטן דעם סאַנאַטאָריום ביז איצט באַ-
טרעפט $3,493,979. פאַר די 30 יאָר האָבן זיך אין
אין סאַנאַטאָריום געהיילט איבער 3000 מיטגלידער.
אויסצוהאַלטן דעם סאַנאַטאָריום קאָסט יערלעך
100,000 דאָלאַר. דער סאַנאַטאָריום ווערט באַ-
טראַכט אַלס איינער פון די וויכטיקסטע הייל-
אַנשטאַלטן אין לאַנד.



X-Ray Consultation



Pneumo-Thorax

די לאַנדשאַפט און געביידעס פון סאַנאַטאָריום.



## SANATORIUM

In the earliest years of its existence, the Workmen's Circle had already given a great deal of thought and consideration to the problem of caring for members suffering from Tuberculosis. At its eighth Convention, the Workmen's Circle decided to establish a Sanatorium of its own. On November 22, 1908, the Berger Farm, located at Liberty, N. Y., was purchased. It was located in one of the most beautiful, dry climate mountain sections in New York State. On February 2, 1910, the Sanatorium opened its doors, with one patient on its rolls. Within the first few years, 132 patients had become enrolled. At the present time, a patient is entitled to remain at the Sanatorium for fifteen months. Sanatorium buildings, land, medical equipment and improvements entail an expenditure of more than half a million dollars. Tuberculosis benefits and Sanatorium maintenance, to the present day, total $3,493,979. Within the past thirty years, more than 3,000 members received treatment at the Sanatorium. Maintenance of the Sanatorium requires an annual cost of $100,000. The Sanatorium is considered one of the very finest institutions of its kind in the country today.



A Bedside Visit by the Doctor



In the Laboratory



Taking a Blood Test



A Section of the Library



In the Hennery



Dieticians in the Kitchen



The Sanatorium Grounds and Buildings













# Books

*A primary cultural activity of the W. C. has been the systematic publication of books and their wide distribution among the branches and schools. It has also extended notable assistance to Yiddish writers in the publishing and circulating of their books.*

*In addition to its pamphlets, brochures, 4 monthly journals, etc., the Workmen's Circle has to date issued about 400,000 books.*

*Here are shown some of the publications.*

# ביכער

דער אַ. ר. האָט אַלע מאָל גערן געהאָלפן אידישע שרייבערס אַרויסגעבן און פאַרשפּרייטן זייערע ביכער. ער האָט זיך אויך די גאַנצע צייט אָפּגעגעבן .מיט סיסטעמאַטיש אַרויסגעבן און פאַרשפּרייטן ביכער צווישן די ברענטשעס און שולן.

חוץ בראָשורן, פּאַמפלעטן, אַגיטאַציע־ליטעראַטור, 4 חודשלעכע זשורנאַלן א. אַנד. האָט דער אַ. ר. אַרויסגעגעבן ביז איצט אַרום 400 טויזנט ביכער. דאָ ווערט געוויזן אַ טייל פון די ביכער.



# 40 יאָר אַרבעטער־רינג

## בילדונגס־דעפּאַרטמענט

איינער פון די 3 הויפּט־יסודות, אויף וועלכע דער אַרבעטער־רינג איז געבויט געוואָרן, איז געווען זעלבסט־בילדונג און אויפקלערונג.

אין דער ערשטער קאָנסטיטוציע פונעם יאָר 1893 איז פאַרבאַטן געוואָרן אָפּצושאַפן דעם פונקט זעלבסט־בילדונג, כל־זמן עס וועלן זיך געפינען 9 גוטשטייענדע מיטגלידער, וואָס וועלן האָבן דעם פאַרלאַנג דאָס אָנצוהאַלטן. איינע פון די תקנות איז געווען, אַז אַלע 2 וואָכן זאָל פאָרקומען אַ מיטינג בלויז וועגן בילדונג.

די ערשטע גרינדער, די פּשוטע קלאָוק־, קעפּ־ און סיגאַרן־מאַכער האָבן געוואוסט, אַז כדי מיט דערפאָלג צו אָרגאַניזירן די אַרבעטער־מאַסן צום קאַמף פאַר אַ גערעכטער אָרדענונג, כדי אָפּצושאַפן די עקספּלואַטאַציע און איינצושטעלן אַ יושרדיקע און שכלדיקע וועלט, איז נייטיק צו פאַרשפּרייטן בילדונג און וויסן צווישן די יידישע מאַסן.

די פראַגע פון אויפקלערן די דערוואַקסענע און דערציִען די יונגע איז קיין מאָל ניט אַרונטער פון דער טאָג־אָרדענונג פון די בראַנטשעס און קאָנווענשאָנס. דער באַגריף איז דאָן געווען, אַז יעדער בראַנטש דאַרף באַזונדער אָנפירן אַ בילדונגס־טעטיקייט. אַז דער אַרבעטער־רינג האָט זיך צעוואַקסן, האָט זיך אָנגעהויבן אַ באַוועגונג צו צענטראַליזירן און אַריינצוברענגען סדר און פּלאַנמעסיקייט אין דער בילדונגס־ און אויפקלערונגס־אַרבעט פון די בראַנטשעס.

אויף דער 4טער קאָנווענשאָן איז צום ערשטן מאָל אַריינגעבראַכט געוואָרן די פראַגע צו צענטראַליזירן די בילדונגס־אַרבעט. אַ קאָמיסיע איז צונויפגעשטעלט געוואָרן, אָבער זי האָט גאָרנישט געטאָן. ערשט אויף דער 8טער קאָנווענשאָן קומט די ערשטע נאַציאָנאַלע באָארד אָוו דירעקטאָרס און רעקאָמענדירט צו באַשטימען אַ „עדיוקיישאָנעל ביוראָ", „וועמענס אויפגאַבע עס זאָל זיין צו באַזאָרגן אַלע בראַנטשעס מיט לעקציעס, טעמעס פאַר פאָרלעזונגען, טעמעס פאַר דיסקוסיעס אאַז"וו... עס זאָל פאַר דעם צוועק באַשטימט ווערן אַ פאָנד פון 1,000 דאָלאַר."

אויף דער 10טער קאָנווענשאָן אין ניו־יאָרק איז באַשלאָסן געוואָרן צו דערוויילן אַ „סטענדינג קאָמיטע פון 10, וועלכע זאָל זיך רופן עדיוקיישאָנעל קאָמיטע"... „די קאָמיטע זאָל סיסטעמאַטיש אַראַנזשירן לעקציעס, זאָל אַרויסגעבן בראָשורן... שטיצן די זונטיק־שולן, אָרגאַניזירן בילדונגס־גרופּעס פון אַרבעטער, אַרויסגעבן אַ מאָנאַטלעכן זשורנאַל אאַז"וו."

עס איז באַשטימט געוואָרן אַ בודזשעט פון 2,000 דאָלאַר. די עדיוקיישאָנעל קאָמיטע פון 1910־1911 איז באַשטאַנען פון: ס. מענאַקער, הלל זאַק, י. סאַלוצקי, ר. גינזבורג, ב. וואולף, י. הילמאַן, י. קופּערמאַן, הלל ראָגאָף, ב. באַטווינִיק, און דר. ב. האָפמאַן (צביון).

אויף דער 11טער קאָנווענשאָן איז דער בילדונגס־פאָנד געהעכערט געוואָרן אויף 3,000 דאָלאַר. אויף דער 12טער קאָנווענשאָן איז אָנגענומען געוואָרן דער באַשלוס, אַז „אין דער קאָנסטיטוציע זאָל בילדונג אַוועקגעשטעלט ווערן אין איין ריי מיט אַלע אַנדערע אויפגאַבן פון אונדזער אָרגאַניזאַציע". און אַזוי איז די בילדונגס־טעטיקייט געוואָרן אַן אָרגאַנישער טייל פון אַרבעטער־רינג מיט אַלע רעכט און פּריווילעגיעס.

אין דעם רעפערענדום, וואָס איז דעם יאָר אַרויסגעשיקט געוואָרן צו אַלע בראַנטשעס, האָבן געשטימט פאַר 2,000 דאָלאַר — 1494 מיטגלידער, פאַר 3,000 דאָלאַר — 2529.

די ברייטע מיטגלידערשאַפט האָט קיין מאָל ניט געזשאַלעוועט קיין געלט אויף קולטור־צוועקן. פון דעם יאָר אָן האָט זיך אָנגעהויבן אַ קולטור־טעטיקייט, וואָס ווערט אַלץ ברייטער און פאַרצווייגטער און די בילדונגס־אָפּטיילונג איז איצט אויסגעוואַקסן צו דער מדרגה פון אַן אמתן בילדונגס־מיניסטעריום, מיט אַן אַ שיעור אָפּטיילונגען, גרויסע התחייבותן און וויכטיקע אויפטוען.

דער בילדונגס־קאָמיטעט האָט די השגחה איבער 145 אָנפאַנג־שולן און מיטלשולן, 19 כאָרן, 8 דראַמאַטישע גרופּעס, אַ פאַרלאַג, 3 זשורנאַלן, העלפט די בראַנטשעס איינצואָרדענען לעקציעס, פאָרומס, דיסקוסיעס, נעמט אָן אָנטייל אין אַלע וויכטיקע קולטור־דערשיינונגען אינעם יידישן לעבן און ער העלפט יידישע שרייבערס אַרויסצוגעבן ביכער.

די הוצאות אויף בילדונג און דערציִונג פון בילדונגס־דעפּאַרטמענט, די שולן און די בראַנטשעס זיינען געווען לעצטן יאָר 500,000 דאָלאַר. עס איז אויסגערעכנט געוואָרן, אַז אין די לעצטע 4 יאָר האָט דער אַרבעטער־רינג, צוזאַמען מיט די שולן און בראַנטשעס, אויסגעגעבן אויף קולטור־ און דערציִונגס־אַרבעט אַן ערך 2 מיליאָן דאָלאַר.

ביים בילדונגס־דעפּאַרטמענט געפינט זיך אַ קינסטלער־ביוראָ פאַר די קאָנצערטן און פייערלעכע אַרויסטרעטונגען פון די שולן און בראַנטשעס און אַ לעקטאָרן־ביוראָ פון 54 פון די באַקאַנטסטע יידישע וויסנשאַפטלער און שריפטשטעלערס צו באַדינען די קולטור־נויטן פון דער אָרגאַניזאַציע.

פון 1913 ביז סוף 1918 האָט דער אַרבעטער־רינג אַרויסגעגעבן 22 ביכער איבער באָטאַניק, פיזיק, היגיענע, טרייד־יוניאָנס און סאָציאַליזם, אַסטראָנאָמיע, פיזיאָלאָגיע, פּאָליטישע עקאָנאָמיע,, געאָלאָגיע א"אַ. טייל ביכער זיינען אַרויס אין 2־3 אויפלאַגעס. פון די ביכער זיינען פאַרקויפט געוואָרן 200,000 עקזעמפּליאַרן.

אין יאָר 1918 האָט דער אַרבעטער־רינג געעפנט די ערשטע צוויי שולן. אין 1919 זיינען געעפנט געוואָרן די אַרבעטער־רינג לערער־קורסן, וואָס האָבן אָנגעהאַלטן ביז 1928. אין יאָר 1929 זיינען די קורסן פאַראייניקט געוואָרן מיטן יידישן לערער־סעמינאַר. אין יאָר 1932 האָט דער נאַציאָנאַלער בילדונגס־קאָמיטעט צוריקגעצויגן זיין סובסידיע צום לערער־סעמינאַר. דעם 21טן אָקטאָבער 1935, האָבן זיך די קורסן ווידער געעפנט אונטער דעם נאָמען העכערע קורסן. דער דירעקטאָר פון די קורסן איז ז. יעפרויקין.

איבער דער פּראָגראַם און דעם גייסט פון אַלע שולן האָט די השגחה דער פּעדאַגאָגן־ראַט, וואָס ווערט באַשטימט פון דעם נאַציאָנאַלן בילדונגס־קאָמיטעט. אין די גרעסערע שול־צענטערס געפינען זיך צענטראַלע שול־פאַרוואַלטונגען, וואָס גיבן זיך אָפּ מיט דער פירונג און פאַרוואַלטונג פון די אָרטיקע שולן. די הכנסה פון די שולן באַשטייט פון 3 טיילן: שכר־לימוד, אונטערנעמונגען און סובסידיע פון נאַציאָנאַלן בילדונגס־קאָמיטעט.

דער בילדונגס־קאָמיטעט פירט אָן אַ ברייטע פאַרלאַגסטעטיקייט. עס ווערט אַרויסגעגעבן פאַר די לערערס אַ פּעדאַגאָגישער בולעטען (מימעאָגראַפירט); פאַר קולטור און שול־פּראָבלעמען — „קולטור און דערציִונג"; פאַר קינדער — די „קינדער־צייטונג". חוץ דעם גיט דער בילדונגס־קאָמיטעט אַרויס לייען־ און טעקסט־ביכער, אַרבעטס־ביכער, העפטן און כלערליי שול־מכשירים. פון 1924 ביז 1934 האָט דער בילדונגס־דעפּאַרטמענט אַרויסגעגעבן 29 ביכער פאַר שול און היים (ביאָגראַפיעס, שפּילן, מעשיות) אין 92 טויזנט עקזעמפּליאַרן. פון מערן

# 40 Years Workmen's Circle

## Educational Department

One of the three basic principles upon which the Workmen's Circle has been built, is—self-education and enlightenment.

The first Constitution of the year 1893 stipulated that self-education was to be maintained if there were 9 members in good standing who desired it. One of the provisions was that a meeting devoted solely to education be held every two weeks.

The founders of the cloak, cap, and cigar makers unions, realized that if the laboring masses were to be successfully and effectively organized in the struggle for a just social order, if exploitation was to be abolished and a just and planned society inaugurated, it was necessary to spread knowledge and culture among the Jewish masses.

The question of education was constantly on the agenda at Branch meetings and conventions. The attitude then was that every Branch should separately conduct educational activities. As the Workmen's Circle grew, a movement got under way, for centralization of educational and cultural activities of the Branches and for systematization and planning of the work.

It was at the eighth Convention that the first National Board of Directors recommended the creation of an "Educational Bureau," which would devote its efforts to supplying all branches with lectures, materials for readings, discussion topics, etc. . . . "For that purpose there shall be set aside a fund of $1,000."

The 10th Convention, held in New York, moved to elect a "Standing Committee of 10, to be called the Educational Committee" . . . "said Committee to arrange systematic lectures, issue brochures, assist the Sunday Schools, inaugurate Educational Groups for workers, issue a monthly Journal," etc.

A fund of $2,000 was established for the purpose. The Educational Committee of 1910-11 consisted of: S. Menaker, Hillel Zak, I. Slutsky, R. Ginsburg, B. Wolf, I. Hillman, I. Cooperman, Harry Rogoff, B. Botwinik, and Dr. B. Hoffman (Zivion).

The 11th Convention increased the Educational Fund by $3,000. The 12th Convention moved that "in the Constitution, Education be placed upon the same footing as all other tasks of our organization." Thus the educational work became an organic part of Workmen's Circle activities.

In that year, 1912, a series of cultural activities were begun. These are constantly being broadened in scope, and have branched out to form a real bureau of education with a great many departments, broad responsibilities, and significant accomplishments.

The Educational Committee has supervision over 145 Schools and Mitl-Shulen, 19 Choruses, 8 Dramatic Groups, a publications department, and 3 periodicals. It aids the Branches in arranging lectures, forums, and discussions, participates in all vital cultural undertakings in Jewish life, and helps Yiddish writers to publish their books.

The Educational Department, the schools, and the branches, spent $500,000 during the past year on cultural and educational activities. Within the past 4 years, the Workmen's Circle spent nearly $2,000,000 on cultural and educational undertakings.

The Educational Department maintains an Artist Bureau for concerts and festive events conducted by the schools and branches. It maintains, too, a lecture bureau with a roster of 54 of the most noted Yiddish scholars and writers to serve the organization's cultural needs.

From 1913 to the close of 1918, the Workmen's Circle published 22 books, on botany, physics, hygiene, trade-unionism and Socialism, astronomy, physiology, political economy, geology, etc. Some of these books were issued in 2 and 3 editions. Two hundred thousand copies of the books have been sold.

In 1918, the Workmen's Circle opened its first two Yiddish Schools for children. In 1919, the Workmen's Circle Teachers' Courses were started, continuing until 1928. In 1929, the courses were combined with the Jewish Teachers' Seminary. In 1932, the National Educational Committee withdrew its subsidy to the Jewish Teachers' Seminary. In 1935, the courses were revived, and were designated "Advanced Courses." The Director of the courses is S. Yefroikin.

A Teachers' Council, appointed by the National Educational Committee, is responsible for the curriculum and spiritual guidance of all schools. In the larger School centers there are Central School Boards which administer the Schools in their respective districts. The income of the Schools is derived from three sources: tuition, fund raising affairs, and the subsidy from the National Educational Committee.

In connection with the schools the Educational Committee engages in extensive publishing activities. The teachers publish a pedagogical bulletin (mimeographed); for cultural and School affairs there is the periodical "Culture and Education"; for children there is the "Kinder Zeitung." In addition, the Educational Committee publishes reading books and textbooks, work-books, notebooks, and a variety of matter about the schools and for the schools. From March, 1937, to December, 1939, the Farlag Kinder Ring published 19 text books and reading books, a total of

1937 ביז דעצעמבער האָט דער פאַרלאַג „קינדער-רינג" אַרויסגעגעבן 19 טעקסט- און לייען-ביכער אין 72,000 עקזעמפּליאַרן, פון וועלכע עס זיינען ביז איצט פאַרקויפט געוואָרן 45,000.

די מערסטע שולן האָבן חוץ די געוויינלעכע לימודים אויך געזאַנג, טאַנץ-קלאַסן און קלובן, און אַ טייל שולן האָבן אויך מאַנדאָלין-אָרקעסטערס. אַרום יעדער שול איז דאָ אַ פאַרוואַלטונג און אַן עלטערן-פאַראיין.

אינעם יאָר 1919 זיינען די הוצאות פון אַלע שולן געווען 5,930.48 דאָלאַר. אין יאָר 1939 זיינען די הוצאות געווען אַרום 375,000 דאָלאַר. אין אַלע קינדער-גאָרטנס, עלעמענטאַר-שולן און מיטל-שולן און אויף די העכערע קורסן לערנען זיך אַרום 8,000 תלמידים.

פון 1936 איז דער דירעקטאָר פון בילדונגס-דעפּאַרט-מענט נחום כאַנין.




A School Conference in 1929.

אַ שול-צוזאַמענפאָר אין 1929.



The New York Children's Choir, Michel Gelbart, Director.

דער ניו-יאָרקער קינדער-כאָר, מיכל געלבאַרט, דיריגענט.



The New York City Teachers' Council.

דער ניו-יאָרקער לערער-ראַט.

72,000 copies. Of these, 45,000 copies have thus far been sold.

In addition to their formal curriculum, most of the schools conduct groups in dancing and in singing, and sponsor youth clubs. Some of them also have mandolin orchestras. Every School has a school board and a parents' organization.

In 1919, the cost of running the Schools totaled $5,930.48. In 1939, the cost was approximately $375,000. Approximately 8,000 students are enrolled in all kindergartens, elementary schools, high schools, and Advanced Courses. The director of the Educational Department, since 1936, is Nathan Chanin.



The First W. C. School in Harlem — די ערשטע שול, האַרלעם.



Exhibit of W. C. School Work — אַ. ר. שול־אויסשטעלונג



The First Mitl Shul Class — די ערשטע מיטל שול.



The New York W. C. Yiddish High School (Mitl Schul) and Teaching Staff. — ניו־יאָרקער מיטל שול און דער לערער־פּערסאָנאַל.





די ניו־יאָרקער מיטל שול אין אַ פּראָטעסט — דעמאָנסטראַציע.



# קינדער־שולן

דער אַ. ר. האָט זיך אַלע מאָל אָפּגעגעבן מיט דער פּראַגע, ווי צו דערציִען די קינדער פון די מיט־גלידער אין אַ גייסט, אַז זיי זאָלן פאַרשטיין די געזעלשאַפטלעכע און סאָציאַלע פּראָבלעמען, אויף וועלכע זיי וועלן זיך אָנשטויסן אין לעבן. דע־ריבער האָט דער אַרבעטער־רינג אין די ערשטע יאָרן געגרינדעט סאָציאַליסטישע „סאָנדעי־סקולס" (אויף ענגליש). שפּעטער, אין 1914־15, בעת דער וועלט־מלחמה, האָט זיך אָנגעהויבן אַ באַ־

וועגונג אין די רייען פון אַרבעטער־רינג צו גרינדן פאַר די קינדע

פון די מיטגלידער אידישע שולן מיט אַ סאָציאַליסטישען אינהאַלט.

די פּראַגע איז צום ערשטן מאָל אויפגענומען געוואָרן אויף דער 15טער קאָנווענשאָן אין שיקאַגאָ. די רעזאָלוציע צו גרינדן אַ אידישע שול איז דורכגעפאַלן מיט 52 שטימען קעגן 35.

אויף דער 16טער קאָנווענשאָן אין ברוקלין איז די אָפּשטימונג וועגן דער שול־פּראַגע געווען: 55—פאַר, 43—קעגן.

אויף דער 17טער קאָנווענשאָן אין דער בראָנקס, איז באַשטימט געוואָרן אַ פאָנד פון 1000 דאָלאר „צו עפענען אין ניו־יאָרק אַ אידישע אַרבייטער־רינג מוסטער־שול". אויף דער קאָנווענשאָן אין פּיטסבורג, איז דורכגעגאַנגען אַ טעקס פאַר אַ שול־פאָנד, און דער רעפערענדום האָט באַשטימט אַז דער טעקס זאָל זיין צוויי סענט אַ קוואַרטאַל. (איצט צאָלן די מיטגלידער 25 סענט אַ קוואַרטאַל פאַר דעם שולפאָנד).

די ערשטע צוויי שולן זיינען געעפנט געוואָרן אין וויליאַמסבורג, ברוקלין, אין אָנהייב נאָוועמבער 1918, מיטן לערער — מ. ל גאָלד־מאַן, און אין האַרלעם סוף נאָוועמבער 1918 מיטן לערער — יעקב לעווין.

The School issue came up for consideration for the first time, at the Order's 15th Convention, at Chicago. The resolution to launch a Yiddish School was defeated—52 to 35.

At the 16th Convention, held in Brooklyn, proponents of the School idea were victorious—registering 55 votes against 43.

At the 17th Convention, held in the Bronx, a fund of $1,000 was set aside "to launch a Yiddish Workmen's Circle School in New York." The 18th W. C. Convention at Pittsburgh, adopted a school-fund tax. The referendum fixed the tax at 2 cents a quarter. Members now pay 25 cents a quarter to the School Fund.

The first two Schools were established in 1918, in New York. The first, organized in Williamsburg, Brooklyn, was headed by M. L. Goldman as teacher. The second was opened at the end of November, 1918, with Jacob Levin as teacher.

In 1919, the W. C. had organized 10 schools; in 1926—83 schools. In 1926, there was a "split" in the New York W. C. Schools system. The Leftists took under their wing 17 schools, the Mitl Shul, and the Camp. The fight gave School leaders new courage and enthusiasm. At the end of 1927, the W. C. was conducting more than 103 Schools, throughout the country.

There are, at the present time, 145 W. C. Schools. Eight thousand children are enrolled. The New York Mitl Shul has a roster of more than 350 students. S. Yefroikin is Director of the New York Mitl Shul.





די הויכקורסן און די לערער.



אַ טאַנץ־קלאַס.





מיטל־שול־קלאַס.

די ערשטע מיטלשול איז געעפנט געוואָרן
אין האַרלעם, אין האַרבסט, 1921.

אין 1919 זיינען שוין געווען 10 אַ. ר. שולן,
אין 1926 — 83 שולן. אין דעם זעלבן יאָר
איז פאָרגעקומען אַ שפּאַלטונג אין די ניו־יאָרקער
שולן. די „לינקע" האָבן אָפּגעריסן 17 שולן, די
מיטלשול און דעם קעמפּ. דער קאַמף האָט צו־
געגעבן די שול־טוער נייעם מוט און מער ענטו־
יאַזם. סוף 1927 זיינען שוין געווען איבערן
לאַנד 103 שולן.

איצט פאַרמאָגט דער אַרבעטער־רינג 145
שולן (קינדערגאָרטנס, עלעמענטאַר און מיטל־
שולן און די העכערע קורסן) מיט אַ באַזוך פון
8,00 קינדער. די ניו־יאָרקער מטלשול ווערט
אַזוכט פון איבער 350 תלמידים און תלמידות.
ער דירעקטאָר פון דער ניו־יאָרקער מיטלשול
יז ז. יעפּרויקין.

# SCHOOLS

The Workmen's Circle has, from t
very start, focused its attention on the pro
lem of educating the children of the me
bers with the object of cultivating in the
an understanding of the civic and soc
problems confronting them. It is for th
reason that the Workmen's Circle, in
early years, organized the Socialist Sund
Schools (conducted in English). Sub
quently (in 1914-15) a movement spr
up for the establishment of Workm
Circle Schools, conducted in the Yid
language and having Socialist content.



עלעמענטאַר־שול קלאַס.



אַ קינדער־גאָרטן־קלאַס.





New York—Lazar Weiner, Conductor



Montreal—A. Krashinski, Conductor



Chicago—Paul Held, Conductor

# כאָרן

אי
לעבן פון אַר
בעטער־רינג פאַר
נעמען די כאָרן
חשובן אָרט. זיי באַ
שיינען די אַרבעטער
רינג יום־טובים, טרעטן אויף ביי די פייערלעכע צוזאַ
מענקונפטן און זיי זיינען אַ וויכטיקער טייל פון דע
ברייטער קולטור־טעטיקייט פון אונדזער אָרדן.

געזאַנג איז אַ ווירקנדיקע און באַפרייענדיקע קראַפט
מיט געזאַנג איז דאָס לעבן שענער, די אַרבעט —
גרינגער און דער קאַמף — מוטיקער. די אַ. ר. טוער
אין פירער האָבן עס אַלע מאָל געוואוסט, און סוף
זומער 1914 איז דער נאַציאָנאַלער בילדונגס־קאָמיטע
צוגעטראָטן צו אָרגאַניזירן דעם 1טן אַ. ר.־כאָר. דער
כאָר האָט זיך אָבער ערשט איינגעשטעלט אין 1915

דער ערשטער דיריגענט פון כאָר איז געווע
נ. זאַסלאַווסקי. פאַר אַ געהילף האָט ער צוגעצויג
דעם מוזיקער מיכל געלבאַרט. די פּרינציפּן פון כאָ
זיינען געווען: 1) דער כאָר דאַרף זינגען יידיש
2) דער כאָר דאַרף זינגען אַרבעט־ און קאַמפס־לידער
פאָלקס־ און קלאַסישע לידער.

איצט האָט דער אַרבעטער־רינג 19 כאָרן מיט אַ
ערך טויזנט זינגערס. צווישן די כאָר־דיריגענטן גע
פינען זיך די וויכטיקסטע יידישע קאָמפּאָזיטאָרן או
מוזיקער.

אין 1938 האָט דער נאַציאָנאַלער בילדונגס־קאָ
מיטעט אַרויסגעגעבן, אונטער דער רעדאַקציע פון לאַ
זאַר וויינער, דעם דיריגענט פון ניו־יאָרקער כאָר, אַ
בוך מיט 15 לידער מיט נאָטן פאַר כאָרן אין 4 שטי
מען, אונטערן נאָמען „כאָרן זינגען". דאָס בוך איז
אַרויס אין 2,000 עקזעמפּלאַרן.



Newark—Michel Gelbart, Conductor



Los Angeles—J. Weinstock, Conductor



Philadelphia—Leo Liov, Conductor



Cleveland—Dan Frohman, Conductor



Detroit—Dan Frohman, Conductor



Trenton—Leo Liov, Conductor



Sheboygan, Wisc.—Martin Butzin, Conductor

# CHORUSES

T
Chorus
occupy
important pla
in the life of t
Workmen's Circ
They add to the brilliance of Workmen's Cir
observances, participate in the Order's festive ga
erings, and form a vital part of the cultural
tivities of our organization.

Song is a beautifier and a liberator. It inspi
man in his labors, and gives him courage in his h
of struggle. The leaders and active men a
women of the Workmen's Circle had always rec
nized this, and at the close of the Summer of 19
the National Educational Committee set ab
organizing the first Workmen's Circle Chorus.
1915 the Chorus became a reality.

The first Conductor of the Chorus was N. Z
lavsky. He enlisted Michel Gelbart as Assista
The adopted principles of the Chorus we
(1) that the Chorus sing in the Yiddish langua
(2) that the Chorus sing workers' songs and so
of Labor Struggle, as well as folk and classi
songs.

There are today, 19 Workmen's Circle Chorus
consisting of about 1,000 members. The Cho
Conductors include some highly notable co
posers and musicians.



Paterson—Leo Liov, Conductor



under the open sky



A corner of the Toronto Camp



A group of bungalows in Camp Kinder Ring



The Camp "Fleet"

# קעמפּס

די אַרבעטער־רינג קעמפּס זיינען
געקומען צום לעבן אַ דאַנק דער
שול־באַוועגונג. מיט דעם וואוקס
פון די שולן האָט זיך אָנגעהויבן
פילן אַ באַדערפעניש צו האָבן
זומער־פּלעצער, וואו די שול־
קינדער, זייערע עלטערן און פריינד פון דער שול־באַוועגונג
זאָלן קענען זומער פאַרברענגען, פאַר אַ צוגענגלעכן פרייז, אין
אַ געזונטער נאַטור־סביבה.

דער ערשטער אַ. ר. קעמפּ איז געעפנט געוואָרן אין יאָר
1923 ביים לייק מישיגען, שיקאַגאָ. אין 1924 האָבן די ניו־
יאָרקער שולן אָרגאַניזירט דעם קעמפּ „קינדער־רינג"
סילווען־לייק, לעבן פּאָולינג, נ. י.

איצט זיינען פאַראַן ביים אַרבעטער־רינג 9 קעמפּס
אין ניו־יאָרק, שיקאַגאָ, באָסטאָן, לאָס־אַנדזשעלעס, פילאַדעלפ...
וואַשינגטאָן, טאָראָנטאָ, באַלטימאָר און דעטראָיט.

אין פאַרלויף פונעם זומער פאַרברענגען אין די אַרב...
טער־רינג קעמפּס טויזנטער און טויזנטער קינדער, זייע...
עלטערן, די מיטגלידער און פריינד פון אַרבעטער־רינג. ...
אַלע קעמפּס ווערט די אַרבעט מיט די קינדער אָנגעפיר...
אויף יידיש.

אין די קעמפּס גיט מען זיך אָפּ מיט אַלערליי מיני...

The W. C. now maintains 9 Camps—in New York, Chicago, Boston, Los Angeles, Philadelphia, Washington, Baltimore, Detroit, and Toronto.

In the course of the summer months, the Workmen's Circle Camps are host to thousands of youngsters, their parents, Workmen's Circle members and friends. Activities of the young campers are carried on in the Yiddish language.

The New York Camp is the largest and most beautiful of all W. C. Camp units. Its cost to the present day totals $400,000. Covering 85 acres, the New York Camp includes a number of spacious and attractively decorated buildings, and the most modern recreational equipment—courts for tennis, handball, badminton, volley ball, basketball, and baseball—and various other camp features.





Handball is a favorite among the guests



Everyone loves tennis



Off for a swim



An art class in the fresh air



Songs for every occasion



ספאָרטן, מיט לערנען יידיש, מיט קונסט, מיט
האַנט־אַרבעטן, מיט זינגען, טאַנצן און דער עיקר, מען דערציט
דאָרטן אין די קינדער אַ ליבע צו אַרבעט.

דער גרעסטער און שענסטער קעמפּ איז דער ניו־יאָרקער.
דער קעמפּ האָט אַ שטח פון 85 אַקער לאַנד. ער האָט 70 גע־
ביידעס מיט די סאַמע נייסטע און בעסטע איינריכטונגען —
טעניס־פּלעצער, בעסקעט־באָל און בייזבאָל־פעלדער און פאַר־
שיידענע אַנדערע קעמפּ־איינריכטונגען.

דער ניו יאָרקער קעמפּ האָט באַקוועמלעכקייטן פאַר 1500
ערוואַקסענע און קינדער.

דער איצטיקער דירעקטאָר פון קעמפּ איז ז. יעפּרויקין.

# CAMPS

The Workmen's Circl
Camps grew out of the ac
tivities of the Workmen
Circle Schools. As th
Schools expanded, the ne
arose for a Summer recreation resort for the Scho
children, their parents, and their friends . . a place for
inexpensive vacation in healthful, natural surround



The watch



Recreation on the lawn



A reading room,



Chicago, Ill.



Springfield, Ill.

# לייבאָר לייסעאומס

די אַרבעטער־רינג לייבאָר־לייסעאומס און צענטערס זיינען וויכטיקע אינסטיטוציעס, אין די שטעט און שטעטלעך, וואו די אַ. ר. ברענטשעס געפינען זיך. אַהין קומען זיך צונויף די מיטגלידער און זייערע משפחות צו הערן אַ גוט וואָרט, אַ לעקציע, אַ דיסקוסיע, בייצוּוואוינען אַ קאָנצערט, באַגעגענען אידישע שרייבערס און קינסטלערס.

אין די לייבאָר־לייסעאומס געפינען זיך אַ סך פון די אַ. ר. אינסטיטוציעס. די שולן, ביבליאָטעקן, כאָרן, דראַמאַטישע גרופּעס האָבן דאָרט זייער היים. דאָרטן קומען פאָר די מיטינגען פון די ברענטשעס און פון פריינדלעכע אָרגאַניזאַציעס. דער לייבאָר־לייסעאום — דאָס איז די אַלגעמיינע היים, וואו די מיטגלידער קומען זיך צוזאַמען צו טאָן זייער פליכט צום אַרבעטער־רינג, צו דער אַרבעטער־באַוועגונג, צו כאַפּן אַ געמיטלעכן שמועס און זיך טרעפן מיט באַקאַנטע און פריינד. אַ סך שולן וואָלטן ניט געקענט עקסיסטירן ווען ניט די לייבאָר־לייסעאומס.

דער ערשטער לייבאָר־לייסעאום איז געגרינדעט געוואָרן פון ברענטש 2, אין האַרלעם, אויף 143-145 איסט 103 גאַס, און האָט זיך געעפנט אינעם יאָר 1909. איצט פאַרמאָגט דער אַרבעטער־רינג אַרום 100 לייבאָר־לייסעאומס. אַ סך פון זיי זיינען פּרעכטיקע געביידעס, באַקוועם און מאָדערן אויסגעשטאַט. כמעט אַלע לייבאָר־לייסעאומס ווערן אויסגעהאַלטן און אָנגעפירט פון די לאָקאַלע ברענטשעס.



Ellenville, N. Y.



Bridgeport, Conn.



Cleveland W. C. Orchestra, Dan Frohman, Director.



Houston, Tex.



Montreal, Canada




Baltimore, Md.



Philadelphia, Pa.

# אין ליכטיקן אָנדענק

אָן אַ שיעור ביכער וואָלטן געקענט אָנגעפילט ווערן מיט
די נעמען פון די אידעאַליסטן וואָס האָבן זייער לעבן און בעס־
טע פעאיקייטן אַוועקגעגעבן דעם אַרבעטער־רינג. דאָ גיבן
מיר די נעמען פון פיר וואָס זיינען ניט לאַנג געשטאָרבן.



## פיליפ געליבטער

געבאָרן אין דעם שטעטל זאַמאָסטש, פוילן, ביי באַלע־
באַטישע עלטערן איז יונג אַריינגעטראָטן און זיך באַטייליקט
אין „בונד". געקומען קיין אַמעריקע איז ער געוואָרן טעטיק
אין דער אידישער סאָציאַליסטישער פעדעראַציע. זיינע פעאי־
קייטן האָבן אים דערהויבן צו הויכע אַמטן. ער איז יאָרן לאַנג,
ביז זיין טויט, געווען דער בילדונגס־דירעקטאָר פון אַרבעטער־
רינג; האָט זיך באַטייליקט אין אַלע אַרבעטער־רינג זשור־
נאַלן, פון וועלכע אַ סך זיינען אַרויסגעגאַנגען אונטער זיין
רעדאַקציע.

ער האָט געהאַט אַ גרויסן איינפלוס אויף דעם
גאַנג און אַנטוויקלונג פון אונדזער אָרגאַניזאַציע.

ער איז געווען אַ מיטגליד אין בראַנטש 43.

## PHILIP GELIEBTER

Born in Zamos'c', Poland, he entered the "Allgemeiner Yiddisher Arbeiter Bund" at an early age and became absorbed in its work. On his arrival in America he naturally gravitated towards the Jewish Socialist Federation and the Workmens Circle. Before long he had assumed responsible positions for which his affable nature, astuteness, and his versatile talents well qualified him. For many years up to the time of his death, he was the Educational Director of the Workmen's Circle. He was a contributor to all Workmen's Circle periodicals, many of which were published under his editorship. He was markedly influential in the growth and ideological development of the Workmen's Circle.

He was a member of Workmen's Circle Branch 43.

## ל. ראָטמאַן

געבאָרן אין פשעמישל, גאַליציע. געקראָגן אַ אידיש־
טראַדיציאָנעלע און וועלטלעכע דערציאונג. געקומען קיין אַמע־
ריקע איז ער געוואָרן אַקטיוו אין אַ. ר. ער איז אין די אַ. ר.
קרייזן געווען פאַררעכנט פאַר איינעם וועלכער האָט אונדזער אָר־
גאַניזאַציע אַמבעסטנס געקענט. ער האָט קיין אַנדער אינ־
טערעס אין לעבן ניט געהאַט אַחוץ דעם אַ. ר., און דערפאַר
האָט ער די אָרגאַניזאַציע אַזוי גוט געקענט.
אין 1925 איז ער אָנגעשטעלט געוואָרן אַלס עקזעקוטיוו־
סעקרעטער — אַן אַמט וועלכן ער האָט געטראָגן ביז דעם
טאָג פון זיין טויט.

אונטער זיין אייגענעם נאָמען און אונטער פאַרשיידענע
פסעוודאָנימען האָט ער געשריבן, סיי אין די אַ. ר. זשורנאַלן,
סיי אין אַנדערע צייטונגען און זשורנאַלן פון אונדזער באַוועגונג.
געווען אַ נאָענטער מיטאַרבעטער פון
„פריינד" און איינער פון די וואָס האָט
אַרויסגעגעבן די אַ. ר. קאָנווענשאָן־
בולעטענען, וועלכע זיינען געווען פול
און אָנגעפּיקעוועט מיט זיין שאַרפן און
זאַפטיקן הומאָר.

ער איז געווען אַ מיטגליד פון
בראַנטש 195.



## LOUIS ROTHMAN

Born in Przemys'l, Galicia. He received a traditional Jewish and worldly education. In America he entered the Workmen's Circle and soon became so engrossed in its activities that he had no interests external to the program of the order. This concentration helped him to become thoroughly acquainted with all of the dynamics and ramifications of the organization's work, and he was soon looked upon as an authority on Workmen's Circle affairs. In 1925 he was appointed Executive Secretary of the Workmen's Circle and he served in this capacity until his death.

He frequently wrote, under a nom de plume and in his own name, in the periodicals of the Workmen's Circle as well as in other publications of our movement. He was on the staff of "The Friend" and was among those who issued the "Convention Bulletin," the less serious pages of which were always permeated with the poignant humor of L. Rothman.

He was a member of Workmen's Circle Branch 195.

# In Memoriam

It would require volumes, though it would make a stirring story, to set forth the countless number of high-minded, idealistic members who have devoted their lives to the service of the W. C. We present brief sketches of four who recently passed from this world.



## B. CHARNEY VLADECK

Born in the village of Duka, Minsk. He joined the revolutionary movement as a mere boy. His talent, his oratory, his idealism, and his passion for improving the lot of his fellow-man, destined him to assume a conspicuous role in the Jewish Labor movement. He soon became one of the most prominent leaders of the "Bund." Not long after his arrival in America he stepped into an illustrious position in the political life of the nation as an outstanding Socialist and spokesman for Labor. He was especially absorbed in various aspects of Workmen's Circle activity. The judgments of Vladeck were given highest consideration in decisions of vital Workmen's Circle moment. Since he first arrived in America he was present at all Conventions of the Workmen's Circle as speaker, adviser, and spiritual guide.

He was a member of Workmen's Circle Branch 4.

## ב. טשאַרני־וולאַדעק

געבאָרן אין שטעטעלע דוקאר, מינסקער גובערניע; האָט זיך אָנגעשלאָסן אָן דער רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג, ווען ער איז נאָך געווען זייער יונג, כמעט אַ קינד. מיט זיין פעאיקייט, אידעאַליזם און איבערגעבנהייט האָט ער פאַרנומען אַ פירנדע ראָל אין דער אידישער אַרבעטער־באַוועגונג. ער איז געווען איינער פון די אָנגעזעענסטע פירער פון „בונד". אין דעם פּאָליטישן לעבן דאָ אין לאַנד האָט ער אָנגעהויבן שפּילן אַ גרויסע ראָל גלייך ווי ער איז אָנגעקומען קיין אַמעריקע.

אין אַ. ר. איז ער געווען אויף פאַרשיידענע אופנים זייער אַקטיוו. אין אַ סך וויכטיקע פראַגן האָט מען זיך מיט וולאַדעקס מיינונג זייער שטאַרק גערעכנט. אויף אַלע קאָנווענשאָנס, זינט ער איז געקומען קיין אַמעריקע, איז ער געווען איינער פון די וויכטיקסטע רעדנער, טאָנגעבער און וועגווייזער.

ער איז געווען אַ מיטגליד פון ברענטש 4 אַרבעטער־רינג.

## "LILLIPUT" KRETCHMER

Born in Kurland, Latvia. He was in his youth extremely active in the "Bund" as a writer and speaker. In America he plunged into the important work of the Jewish Socialist Federation and the Workmen's Circle. He served on the Educational Committee of the Workmen's Circle a number of terms, and at the time of his death was on the National Executive Committee. He was a frequent contributor to Workmen's Circle publications, having attained his real niche in Jewish and labor life of America as a journalist of high distinction. For many years he was on the staff of the Jewish Daily Forward. His primary interest, however, was the fraternal order of Jewish labor, the Workmen's Circle which he served energetically and zealously.

He was a member of Workmen's Circle Branch 33.



## ליליפוט־קרעטשמער

אַן אָנגעזעענער אידישער זשורנאַליסט; געבאָרן געוואָרן אין קורלאַנד. געווען אַקטיוו אין „בונד" אַלס שרייבער און רעדנער.

אין אַמעריקע איז ער געווען אַקטיוו אין דער אידי־שער סאָציאַליסטישער פעדעראַציע און אין אַרבעטער־רינג. ער איז אין פאַרשיידענע צייטן געווען אַ מיטגליד פון בילדונגס־קאָמיטעט פון אַ. ר. אין דעם יאָר וואָס ער איז געשטאָרבן איז ער געווען אַ מיטגליד פון דער נאַציאָנאַלער עקזעקוטיווע: נטיילגענומען אין די אַ. ר. זשורנאַלן; געטריי געדינט נדזער אָרגאַניזאַציע.

ער איז געווען אַ מיטגליד פון ברענטש 33.



הילף
זאל לעבן דער בונד!
Characteristic of the W. C. is the constant moral and financial aid it has extended to labor unions in times of strike, to the Socialist and Libertarian movements here and abroad, to humanitarian and cultural institutions, and to the Jewish masses in America and in Europe.
The W. C. performs assiduously her chosen task of rendering this vital assistance.
א כאַראַקטעריסטישער שטריך פון א. ר. איז די כסדרדיקע מאָראַלע און פינאַנציעלע הילף, וואָס ער האָט מיט אַ ברייטער האַנט געגעבן די יוניאָנס אין צייט פון סטרייקס, דער סאָציאַליסטישער און פרייהייטס-באַוועגונג דאָ אין לאַנד און אין דער גאַנצער וועלט, די היגע געזעלשאַפטלעכע און קולטור-אינסטיטוציעס און די שטענדיקע שטיצע צו די אידישע מאַסן אין איראָפּע אין אַלע צייטן.
די „הילף- און רעטונגס-אַרבעט" איז איינע פון די וויכטיקע, טעגלעכע אויפגאַבעס פון א. ר. און זי ווערט הייליק אָפּגעהיט.
AID

## *The Workmen's Circle Constantly Extends Aid*

Too much space would be required to list all institutions and causes to which the Workmen's Circle has given aid and support in the course of its forty years. Here is a partial listing of the institutions and movements to which W. C. Conventions and Branches have made contributions:

The "Zukunft"
The "Forward"—for the purchase of linotype machines (Br. 1, in 1900)
Ladies' Waistmakers' strikes
Striking textile workers of New England
United Mine Workers
Denver Sanatorium (In the early years, W.C. members paid a special annual assessment for this Sanatorium.)
Los Angeles Sanatorium
Ex-Patients' Relief and Home of Los Angeles
Denver Ex-Patients' Home
Deborah Sanatorium
Denver National Hospital
Victor Berger Memorial Fund
Commonwealth College
Suitcase and Trunk Makers' General Strike, 1910
Kentucky Miners' Strike
"Weekly People"
"Labor Age"
Labor College (Chelsea)
Labor College (Chicago)
Yehoash People's Fund
Jewish Encyclopedia Fund
"The Messenger" (Socialist Negro Journal)
De Leon Publication Fund
Kropotkin Literature Society
League for Industrial Democracy
"New Leader"
"Der Wecker"
"Freie Arbeiter Stimme"
"Sozialistische Stimme"
"Socialist Call"
HIAS—in all campaigns for funds
Cloak and Dressmakers' General Strike
Amalgamated Clothing Workers' General Strike
Triangle Fire victims
Haymarket Fund
Tom Mooney Fund
Debs School (Philadelphia)
Mt. Sinai Hospital (Cleveland)
Montefiore Home (Cleveland)
Imprisoned Socialists in Russia
New York Federation of Jewish Charities (in all campaigns)
Young People's Socialist League
Naturalization Aid League
Debs Radio Station (WEVD)
Brookwood College
Homes for the Aged, Day Nurseries, Sanatoriums, Orphan Asylums in various parts of the country
I. L. Peretz Writers' Union
Jewish Labor Committee
American Ort Federation
Modern School
"Canadian Life"
Ferrer School (Stelton)
Ort School of the Educational Alliance
People's Tool Campaign
People's Relief (raised over $300,000)
Sacco-Vanzetti Defense Fund
Book Fund for Soviet Russia
Striking Steel Workers
Harlan, Ky., Miners' Strike
Jewish Workers' Alliance in France
Dubnow Fund (Paris)
Yiddish Scientific Institute
"Volks Zeitung" (Poland)
"Deutsche Volks Zeitung"
Bund of Poland, Bund of Lithuania, Bund of Rumania
The "Tzisho" Schools in Poland and Rumania
The Folk Schools in Lithuania
Latvian Relief
Fund for Political Prisoners
Alexander Berkman Fund
Aaron Lieberman Fund
Pioneer Youth
United Jewish Appeal
United Shoe Workers' Union
Chandelier Makers
Furriers' Strike
Winnipeg Strike Defense Fund (1921)
Cigar Makers' Strike

## דער אַרבעטער=רינג העלפט שטענדיק

עס וואָלט פאַרנומען אַן אַ שיעור זייטן איבערצורעכענען אַלע און אַלעמען וועמען דער א. ר. האָט אין פאַרלויף פון זיינע 40 יאָר געשטיצט און געהאָלפן. מיר גיבן דאָ בלויז אַ קורצן צעטל פון אינסטיטוציעס און באַוועגונגען וואָס זיינען געשטיצט געוואָרן פון די קאָנווענשאַנס און די ברענטשעס:

די צוקונפט
דעם „פאָרווערטס" צו קויפן ליינאָ-טייפ-מאַשינען (בר. 1, 1900).
לײדיס װײסטמײקערס סטרײק
סטרײקנדע װעבער פון די ניו-ענג-לאַנד סטײטס
די יונײטעד מײן-װאָרקערס
דענװער סאַנאַטאָריום (די ערשטע יאָרן האָבן די מיט-גלידער געצאָלט אַ ספּעציעלן יער-לעכן שטײער פאַר דעם סאַנאַ-טאָריום)
לאָס אַנדזשעלעס סאַנאַטאָריום
עקס-פּײשנס-רעליף און האָום פון לאָס אַנדזשעלעס
דענװער עקס-פּײשנס-האָום
דעבאָראָ סאַנאַטאָריום
דענװער נעשאָנאַל-האָספּיטאַל
װיקטאָר בערגער מעמאָריעל-פאָנד
קאָמאָנװעלטה קאַלעדזש
סוטקײס און טראָנק-מײקערס גענע-ראַל סטרײק, 1910
קענטאָקי מײנער סטרײק
„װיקלי פּיפּל"
„לײבאָר אײדזש"
לײבאָר קאַלעדזש (טשעלסי)
לײבאָר קאַלעדזש (שיקאַגאָ)
יהואש פאָלקס-פאָנד
אידישע ענציקלאָפּעדיע-פאָנד
„די מעסענדזשער" (סאָציאַליסטישער נעגער-זשורנאַל)
דע לעאָן שריפטן-פאָנד
קראַפּאָטקין ליטעראַטור-געזעלשאַפט
ליג פאַר „אינדאָסטריעל-דעמאָקראַסי"
די „ניו לידער"
דער „װעקער"
די „פרײע אַרבעטער שטימע"
די „סאָציאַליסטישע שטימע"
די „סאָשעליסט קאָל"
„האַיאַס" אין אַלע קאַמפּײנס פאַר פאָנדס
גענעראַל סטרײך פון די קלאָוק און דרעסמאַכער
גענעראַל סטרײק פון דער אַמאַלגאַ-מײטעד יוניאָן
טרײענגל-קרבנות
הײמאַרקעט-פאָנד
טאָם-מוני-פאָנד
דעבס סקול (פילאַדעלפיע)
מאָונט סײניי האָספּיטאַל (קליװלאַנד)
מאָנטעפיאָרע האָום (קליװלאַנד)
הילף צו די אַרעסטירטע סאָציאַליסטן אין רוסלאַנד
ניו יאָרק פעדערײשאָן אָװ דזשואיש טשאַריטיס (אין אַלע זײערע קאַמ-פּײנס)
יאָנג פּיפּלס סאָשעליסט ליג
נעטשורעליזײשאָן עיד-ליג
דעבס ראַדיאָ-סטײשאָן
ברוקװאוד קאַלעדזש
מושב זקנים, דעי-נוירסעריס, סאַנאַ-טאָריומס, יתומים-אַנשטאַלטן אין פאַרשידענע טײלן פון לאַנד
י. ל. פרץ שרײבער פאַראײן
אידישער אַרבעטער-קאָמיטעט
„אָרט"-געזעלשאַפט
מאָדערן סקול
„קענעדער לעבן"
פערער סקול (סטעלטאָן)
„אַרט סקול אָװ די עדיוקײשאָנאַל עלײענס"
פאָלקס געצײג קאַמפּײן
פּיפּלס רעליף (געשאַפן העכער $300,000.00)
סאַקאָ-װאַנזעטי פאַרטײדיקונגס-פאָנד
ביכער-פאָנד פאַר סאָװעט-רוסלאַנד
געשאַפן גרױסע סומעס פאַר די סטרײקנדע שטאָל-אַרבעטער, האַר-לענער מײנער סטרײק
אידישער אַרבעטער - פאַרבאַנד אין פראַנקרײך (1927)
דובנאָװ-פאָנד (פאַריז)
אידיש-װיסנשאַפטלעכער אינסטיטוט
פאָלקס-צײטונג (פּױלן)
דײטשישע פאָלקס-צײטונג
„בונד" פון פּױלן, „בונד" פון לי-טע, „בונד" פון רומעניע
די „ציש"אָ"-שולן אין פּױלן, רו-מעניע
די פאָלקס שולן אין ליטע
לאַטװישער רעליף
פאָנד פאַר פּאָליטישע אַרעסטירטע
אַלעקסאַנדער בערקמאַן פאָנד
אהרן ליבערמאַן פאָנד
פּיאָניר יוטה
פאַראײניקטער אידישער אַפּיל
יונײטעד שו װאָרקערס יוניאָן
שענדעליער מײקערס
פאָריערס סטרײק
װיניפּעגער סטרײק - דעפענס פאָנד (1921)
סיגאַרמאַכער סטרײק

# ויכטיקע דאַטעס אין דער געשיכטע פון אַ. ר.

- דעם 4טן אַפּריל, 1892, איז געגרינדעט געוואָרן דער „אַרבייטער־רינג פאַראיין" מיט 10 מיטגלידער.
- דעם 5טן סעפּטעמבער, 1900, איז „דער אַרבייטער־רינג פאַראיין" געגרינדעט געוואָרן אַלס אַן „אַרבייטער־אָרדען — „דער אַרבייטער רינג". די גרינדונג איז פאָרגעקומען אויף 42 גרענד סטריט. עס זיינען דעמאָלט געווען די ברענטשעס איינס, צוויי און דריי מיט אַ מיטגלידערשאַפט פון אַרום 300.
- דעם 29טן, 30טן און 31טן מערץ, 1901, איז פאָרגעקומען די ערשטע אַרבעטער־רינג קאָנווענשאָן אויף 414 גרענד סטריט, מיט 29 דעלעגאַטן פון 9 ברענטשעס.
- דעם 10טן נאָוועמבער, 1900, איז געעפנט געוואָרן די ערשטע קינדער־שול (סאָנדעי סקול).
- דעם 22טן נאָוועמבער, 1905, האָט דער אַרבעטער־רינג באַקומען זיין ערשטן טשאַרטער פון אַ סטייט אינשורענס־דעפּאַרטמענט (פון ניו יאָרק סטייט).
- דעם 2טן פעברואַר, 1910, איז געעפנט געוואָרן דער סאַנאַטאָריום פאַר קאָנסאָמפּטיווס אין ליבערטי, נ. י.
- אין נאָוועמבער, 1910, איז דערשינען דער ערשטער נומער „פריינד".
- דעם 10טן יאַנואַר, 1918, איז אַריין אין קראַפט די „פראַטורנעל רעיטס" סיסטעם פון צאָלונגען.
- אין נאָוועמבער, 1918, האָבן זיך געעפנט די ערשטע צוויי אַרבעטער־רינג שולן, איינע אין וויליאַמסבורג און די צווייטע אין האַרלעם, נ. י.
- דעם 1טן אָקטאָבער, 1919, איז געעפנט געוואָרן דער ערשטער אַ. ר. מעדיקאַל־דעפּאַרטמענט אין ניו יאָרק.
- אין אויגוסט, 1929, איז געעפנט געוואָרן דער ערשטער אַ. ר. סאָשעל סירוויס דעפּאַרטמענט אין ניו־יאָרק.
- דעם 15טן אָקטאָבער, 1929, איז געטשאַרטערט געוואָרן דער ערשטער יאָנג־סוירקל ברענטש (אין אָמאַהאַ, נעבראַסקאַ).
- דעם 31טן דעצעמבער, 1932, איז אויף דער ספּעציעלער קאָנווענשאָן אין באָסטאָן פאָרגעקומען די פאַראייניקונג פון דעם „אינדעפּענדענט אַרבעטער־רינג" מיטן אַרבעטער־רינג.

## Important Dates in the History of the W.C.

- On April 4, 1892, the "Workmen's Circle Society" was organized, with ten members on its rolls.
- On September 5, 1900, the "Workmen's Circle Society" at a meeting, at 42 Grand Street, was established as a workers' order — "The Workmen's Circle." The constituent branches at the time were Branches 1, 2 and 3, having a membership of approximately 300.
- On March 29, 30 and 31, the first Workmen's Circle Convention was held at 414 Grand Street, New York City. Twenty-nine delegates, representing 9 branches, were present.
- On November 10, 1900, the first Children's "Sunday" School was opened.
- On November 22, 1905, the Workmen's Circle secured its first charter from a State Insurance Department (New York State).
- On February 2, 1910, the Sanatorium for Tuberculars was opened in Liberty, New York.
- In November, 1910, the first issue of "The Friend" made its appearance.
- On January, 1918, a system of dues payments known as the "Fraternal Rates," went into effect.
- November, 1918, marked the opening of the first two Workmen's Circle Yiddish Schools—one in Williamsburgh and one in Harlem.
- On October 1, 1919, the first W. C. Medical Department was opened in New York.
- In August, 1929, the first Social Service Department was opened.
- On October 15, 1929, the first Young Circle League Branch was chartered (in Omaha, Neb.).
- On December 31, 1932, at the Special Convention in Boston, the Independent Workmen's Circle was merged with the Workmen's Circle.

# די נשמה פון אַרבעטער־רינג

טשיקאַווע קלייניקייטן:

- ביים אויפנעמען אַ מיטגליד פלעגט דער פאָרזיצער פון „אַרבעטער־רינג־פאַראיין" זיך ווענדן צום נײַ־אַריינגעקומענעם: „מיר רופן זיך פריינד און ניט ברודער, ווי אין אַנדערע פאַראיינען, און מיר פאַרלאַנגען אַז אונזערע מעמבערס זאָלן זיין איינער דעם אַנדערן".
- אין אָנהויב איז אַ קורצע צייט דאָס פּאַסיר וואָרט געווען — „מאָן־אַמי", דער פראַנצויזישער אויסדרוק פאַר „מיין פריינד".
- אין 1904 האָט דער גרויסער דראַמאַטורג יעקב גאָרדין, אַ מיטגליד פון ברענטש 3, געחלומט פון אַ צייט, ווען דער אַרבעטער רינג וועט האָבן 480 ברענטשעס מיט 40 טויזנט מיטגלידער, ער האָט אויך געטרוימט ווי אַזוי דער אַרבייטער־רינג וועט איבערנעמען די עדיוקיישאָנעל עלייענס און וועט איינפירן אַ פאָלקס־אוניווערזיטעט, קלאַסן פאַר פידל און פּיאַנאָ פאַר אָרעמע קינדער, כאָרן און אָרקעסטערס; וועט אַרויסגעבן אַן אייגענעם זשורנאַל; וועט האָבן אַן אייגענעם סאַנאַטאָריום, אַ היים פאַר אַלטע לייט און אַן אייגענע היים פאַרן אַרבעטער רינג.

איצט האָט דער אַרבעטער־רינג כמעט צוויי מאָל אַזוי פיל ברענטשעס, באַלד צוויי מאָל אַזוי פיל מיטגלידער, 19 כאָרן, 145 קינדער־שולן, 6 דראַמאַטישע פאַראיינען, עטלעכע אָרקעסטערס, אַן אייגענעם סאַנאַטאָריום, הויך־קורסן, אַ פאַרלאַג, גיט אַרויס 4 זשורנאַלן, פאַרמאָגט 100 לייבאָר לייסעאומס און איז דער טרעגער פון אַלץ וואָס איז געזונט, שאַפנד און קאָנסטרוקטיוו אין אידישן און אַרבעטער־לעבן.

- דער איצטיקער „טשיף דזשאַסטיס" פון העכסטן געריכט אין אַמעריקע, טשאַרלז היוז, האָט אין 1906, אויף אַן איינלאַדונג פון דער „פראַטוירנעל־רעיטס" סאָב־קאָמיטע (י. באַסקין, נ. פיינערמאַן און ה. וואָלאָס) געגעבן וויכטיקע אָנווייזונגען און עצות וועגן „פראַטוירנעל־רעיטס". ער האָט געהאַט אַזאַ הויכע מיינונג פון אַרבעטער־רינג, אַז ער האָט זיך אָפּגעזאָגט צו נעמען באַצאָלט פאַר זיין אַרבעט.
- כדי ניט צו באַליידיקן די נעגער־ראַסע, האָט דער אַרבעטער־רינג זיך אָפּגעזאָגט אַרויסצונעמען אַ טשאַרטער אין אַ געוויסן סטייט אין דער סאַוט, ווייל, אין דער אַפּליקאַציע האָט געדאַרפט אָנגעגעבן ווערן, אַז די מיטגלידער פון אַ. ר. באַלאַנגען צו דער ווייסער ראַסע.
- יאָרן נאָך אַנאַנד האָט דער אַרבעטער־רינג געהאַט אַ ספּעציעלן טעקס:
  - (1) פאַר די רוסישע רעוואָלוציאָנערע פאַרטייען (12 סענט אַ יאָר פון אַ מיטגליד).
  - (2) פאַר דעם דענווער סאַנאַטאָריום (אין 1905 איז דער טעקס געווען 40 סענט אַ יאָר).
  - (3) פאַרן „האַיאַס" (אין 1922 איז דער טעקס געווען אַ דאָלער פער מיטגליד. די סומע האָט דעם יאָר באַטראָפן ($73,000.00).
- פון 1920 ביז 1932 האָט דער אַ. ר., דורך זיינע ברענטשעס, געשאַפן די סומע פון $300,000.00 פאַר די געליטענע פון דער וועלט־מלחמה.
- אין 1922 האָט דער אַ. ר. געשיקט צו די סטרייקנדע וועבער פון ניו־ענגלאַנד צען טויזנט לאַבנס ברויט.
- אין די שפּאַצירן צו פאַרשיידענע מוזעאומס, וואָס דער בילדונגס־דעפּאַרטמענט פלעגט איינאָרדענען (1915—1916) האָבן אָפּט אָנטיילגענומען פון 500 ביז 600 מענטשן.
- אין דעם „טעג־טאָג" פאַר די מלחמה קרבנות (דעם 22טן פעברואַר, 1917) אין וועלכן עס האָבן זיך באַטייליקט אַלע ניו־יאָרקער ברענטשעס, איז אַריינגעבראַכט געוואָרן איבער צוויי און צוואַנציק טויזנט דאָלער. דער גאַנצער אָפיס־סטעף האָט זיך טיכטיק באַטייליקט אין דער אַרבעט

# The Soul of the Workmen's Circle

ODDITIES:

- Upon accepting a new member, the Chairman of the "Workmen's Circle Society" would address him thus: "We call ourselves Friends and not Brothers, as is the practice in other Societies, and we require our members to be true friends to one another."
- For a short time during the earliest period, "Mon Ami," the French expression for "My Friend" was used as a password.
- In 1904, the great playwright, Jacob Gordin, a member of Branch 3, envisioned a day when the Workmen's Circle would have 480 branches with a membership of 40 thousand; a day when it would absorb the Educational Alliance, establish a People's University, violin and piano classes for the children of workers; when it would organize choruses and orchestras, publish a Journal of its own, have its own Sanatorium, a Home for the Aged, and a Workmen's Circle building.

Today, indeed, The Workmen's Circle has almost twice this number of branches and members. It has 19 choruses, 145 Children's Schools, 9 Camps, 9 Dramatic Societies, several Orchestras, and a Sanatorium of its own, it conducts advanced courses, courses on a University level in the Yiddish Schools, a publication department, 4 monthly Journals, maintains 100 labor lyceums, and it has become the standard bearer of everything creative and constructive in the sphere of Jewish and Labor life.

- In 1906, Charles Evans Hughes, present Chief Justice of the United States Supreme Court, upon invitation of the Fraternal Rates Sub-Committee (J. Baskin, N. Feinerman and H. Wolos), rendered vital assistance in the form of recommendations and legal advice with reference to Fraternal Rates. His admiration for the Workmen's Circle was so great that he refused to accept remuneration for his services.
- In a certain state in the South, a Jim Crow statute required the W. C. to declare in its application that its members belong to the White Race. Rather than acknowledge this insult to the Negro Race, the W. C. refused to apply for a charter in this State.
- For years, the Workmen's Circle maintained a special tax: (1) For the Russian Revolutionary Parties (12 cents per member annually), (2) For the Denver Sanatorium (in 1905, the tax was 40 cents a year), (3) For the HIAS (in 1922, the tax was one dollar per member. In that year, the assessment totaled $73,000).
- From 1920 to 1932, the Workmen's Circle, through its branches, raised $300,000 for the victims of the World War.
- In 1922, the Workmen's Circle sent ten thousand loaves of bread to the striking textile workers of New England.
- The museum trips conducted by the Educational Department in 1915-1916 were attended by 500 to 600 persons each.
- The Tag Day for the World War Victims (held on February 22, 1917) enlisted the participation of all New York Branches. It netted over $22,000. The entire Office Staff aided in this endeavor.
- In 1919, following the outbreak of the major influenza epidemic, special Workmen's Circle Aid Committees were organized in all cities. In New York, the National Executive Committee organized a First Aid Committee, a staff of nurses, doctors, etc. The General Office and all Departments were transformed into an emergency hospital.

דער אַרבעטער־רינג איז אַ דעמאָקראַטישע אינסטיטוציע. דער מיטגליד פילט זיך פריי צו קריטיקירן און „אַריינצוזאָגן".

(די קאַרטונס זיינען אַרויסגענומען געוואָרן פון פאַרשיידענע קאָנ־ווענשאָן־בולעטענען און אַ. ר. אויסגאַבן.)

## תורה איז זיין בעסטע סחורה




יוסף באַסקין ערב אַ רעדע.
ער וויל זיך עפּעס דערמאָנען.




די ברידער דינערשטיין אינקאָרפּאָרייטעד.
אַ מעשה וועגן צוויי ברידער



איינער אַרויס, דער צווייטער אַריין




וואוהין וועלען זיי פאַרשלעפּען אונזער וואָגן?



מ. דייוווידאָף. נ. פיינערמאַן.

אויפ'ן אַרבייטער רינג יאריד




קויפט, קויפט, קונים!

גוואַלד, ס'האט געקידנעפּט די בייבי!



## די איינגעמאַרינירטע פאַר'ן ארבייטער רינג מוזעאום



ס. הייפערלינג · ב. נעבינער · ס. הילמאַן · ר. גוסקין · מ. העסקעל · מ. העק · פ. עפשטיין · מ. אשבען

אַלץ אויף זיינע הענט!



י. הילמאַן, ער היט אָפּ די פאַר „טולער״ פון אַ. ר.

## אריבערגעשוואומען אַלע שטורמישע כוואַליעס



יעדער מיט זיין פעקעל



דר. סילווערבערג האָט אויף זיינע פּלייצעס דעם יאָהר געטראָגען אַ היבש ביסעל פעקלאַך. פונדעסטוועגען וויל ער פון דעם שווערען יאָך זיך ניט באַפרייען.

ער האָט אַ „טאַטש״ אויפן לינקן לונג. (געווידמעט דעם „רעכטע-לינקע״ קאמף.)



[illegible]

## אַ נייע פּיקעט ליין






באַסקין און כאַנין ווילן אים עפּעס פאַרקויפן.

# How the Quarterly Dues Are Spent

# וואוהין גייט דעם אַ. ר. מיטגלידס קוואַרטאַל־שטייער ?



## PAID OUT TO DATE  אויסגעצאָלט ביז איצט
$17,058,996

**Death Benefit:** טויטן=בענעפיט:
$3,728,947

**Tuberculosis Benefit and Sanatorium Maintenance:** ,,קאָנסאַמפּשאָן''=בענעפיט און סאַנאַטאָריום=הוצאות:
$3,493,979

**Sick Benefit:** קראַנקן=בענעפיט:
$8,094,062

**Funeral Benefit:** לויה הוצאות:
$1,442,008

**Aid to Aged Needy Members:** אַרויסגעהאָלפן הילפלאָזע מיטגלידער
$300,000

**Assets:** פאַרמעגן:
$7,684,541

**Old Age Reserve Fund:** אָלד איידזש=פאָנד:
$565,171.10

**Annual Expenditures for Educational and School Activities:** יערלעכע אויסגאַבן אויף קולטור און שול=טעטיקייטן:
$500,000

# A View of One Year of W. C. Activity

# אַ בילד פון אַ יאָר אַרבעטער־רינג טעטיקייט

In 1939, the Workmen's Circle paid out in

| | |
|---|---|
| Death Benefits | $230,000.00 |
| Sick Benefits | 314,800.00 |
| Sanatorium Expenses and Tuberculosis Benefits | 100,000.00 |
| Funeral Benefits | 78,959.00 |
| Aid to Aged Needy Members | 38,000.00 |
| Aggregate expenses of the 145 Schools | 375,000.00 |
| Expenses of the choruses, dramatic societies, orchestras, forums, lectures of the branches and clubs | 125,000.00 |

The 145 children's schools, including the kindergartens, elementary schools, high schools, and advanced courses, had an enrollment of 8,000 children, and maintained a staff of 100 teachers, exclusive of the teachers of extra-curricular activities.

During the year, the 145 schools arranged 1,700 concerts, lectures, holiday celebrations and parents' gatherings, attended by more than 60,000 persons.

During the year, four periodicals were regularly published: "The Friend," "Kultur und Derzieung," "The Workmen's Circle Call," and "Kinder Zeitung."

These have a circulation of 70,000, and do not include other journals which appear at intervals, in addition to the pedagogy bulletins and chorus bulletins.

The Kinder Ring Farlag, publication bureau of the Educational Department, published and distributed 12,500 books during 1939, and circulated many other books of other publishers. The branches, throughout the country, conducted extensive cultural and educational activities.

Through the Educational and Organizational Committees were arranged 400 forums and concerts which were attended by 16,126 persons in these cities: New York, Philadelphia, Elizabeth, Paterson, Passaic, Newburgh, Watertown, Ellenville, Perth Amboy, Morristown, Hartford, Kingston, Woodridge, Trenton, Peekskill, Port Chester, Monticello, Bayonne, Yonkers, and New Brunswick.

The National Executive Committee and the branches participated in all relief and humanitarian activities for the HIAS, American Ort Federation, Jewish Labor Commttee, "Tzisho" Schools, Bund of Poland, Bund of Rumania, United Jewish Appeal, Yiddish Scientific Institute, aid to the Jewish masses of Europe and elsewhere. In addition, the N.E.C. actively participated in the struggle for democracy and freedom, and in the boycott movement against Fascism and Nazism.

The Workmen's Circle now consists of 72,242 members in 744 Yiddish-speaking, English-speaking, women's and youth branches.

The Workmen's Circle is incorporated in 31 States in the U. S. and in 4 Canadian Provinces.

Insurance of all members totals $17,000,000.

Resources of the Workmen's Circle amount to $7,684,541.00 (The Old Age Fund totals $565,171.10).

The Workmen's Circle has paid out to members for all benefits—the sum of $17,058,996.00 as follows:

| | |
|---|---|
| Sick Benefits | $8,094,062 |
| Tuberculosis Benefits and Sanatorium Expenses | $3,493,979 |
| Death Benefits | $3,728,947 |
| Funeral Benefits | $1,442,008 |
| Old Age Relief | $ 300,000 |
| Total | $17,058,996 |

This amount does not include the sums for culture and education spent by the branches and the schools. During the past four years, these sums totaled $2,000,000.

During the past 20 years alone, the W. C. Conventions and the branches, spent $4,500,000 in aid and relief to Jewish and Labor causes.

From December 1931 to December 1939, the resources of the Workmen's Circle increased to the extent of $2,132,994.00.

## אין יאָר 1939 האָט דער אַרבעטער־רינג אויסגעצאָלט

| | |
|---|---|
| טויטן־בענעפיט | $230,000.00 |
| קראַנקן־בענעפיט | 314,800.00 |
| פיונעראַל־בענעפיט | 78,959.00 |
| אַרויסגעהאָלפן הילפלאָזע מיטגלידער (וואָס זיינען עלטער פון 60 יאָר) מיט | 38,000.00 |
| הוצאות פון די 145 שולן | 375,000.00 |
| הוצאות פון די כאָרן, דראַמאַטישע פאַראיינען, אָרקעסטערס, פאָרומס, קאָנצערטן, לעקציעס פון די ברענטשעס און קלובן | 125,000.00 |

אין די 145 קינדער־שולן (קינדער־גאָרטנס, עלעמענטאַר־שולן, מיטלשולן און העכערע קורסן) האָבן זיך געלערנט 8,000 תלמידים. מיט אַ סטעף פון 100 לערערס (אַ חוץ לערערס פון אויסערשול־טעטיקייטן).

די 145 שולן האָבן אין פאַרלויף פונעם יאָר איינגעאָרדנט 1,700 קאָנצערטן, לעקציעס, יום־טובים־פייערונגען און עלטערן־פאַרזאַמלונגען, מיט אַ באַזוך פון אַן ערך 60,000 פערזאָן.

אין פאַרלויף פון דעם יאָר זיינען דערשינען רעגלמעסיק פיר זשורנאַלן:

„דער פריינד", „קולטור און דערציאונג", „די וואורקמענס סוירקל קאָל" און „קינדער־צייטונג". (אַחוץ די ניט פעריאָדישע זשורנאַלן, פעדאַגאָגישער בולעטען און כאָר־בולעטען).

דער פאַרלאַג „קינדער־רינג" ביים בילדונגס־קאָמיטעט האָט אָפגעדרוקט און פאַרשפרייט דעם יאָר 12,500 ביכער (אַחוץ ביכער פון אַנדערע פאַרלאַגן). די ברענטשעס פון אַרבעטער־רינג איבערן גאַנצן לאַנד האָבן אָנגעפירט אַ ברייטע קולטור־ און פאַרוויילונגס־טעטיקייט.

דורכן בילדונגס־ און אָרגאַניזאַציאָנס־קאָמיטעט אַליין זיינען איינגעאָרדנט געוואָרן 400 פאָרומס און קאָנצערטן מיט אַ באַזוך פון 16,126 פערזאָן אין די פאָלגנדיקע שטעט: ניו־יאָרק, פילאַדעלפיע, עליזאַבעט, פעטערסאָן, פאַסייק, ניובורג, וואָטערבערי, עלענוויל, פערט עמבאָי, מאָריסטאָון, נואַרק, האַרטפאָרד, קינגסטאָן, וואודרידזש, טרענטאָן, פיקסקיל, פאָרטשעסטער, מאָנטיסעלאָ, בעיאָן, יאָנקערס און ניו בראָנזוויק.

די נאַציאָנאַלע עקזעקוטיווע און די ברענטשעס האָבן זיך באַטייליקט אין הילף־ און געזעלשאַפטלעכע אַקציעס פאַרן „האַיאַס", „אָרט"־געזעלשאַפט, „אַרבעטער־קאָמיטעט", „צישאָ"־שולן, „בונד" פון פוילן, „בונד" פון רומעניע, פאַראייניקטן אַפּיל, „ציקאָ", אידישן וויסנשאַפטלעכן אינסטיטוט, הילף פאַר די אידישע מאַסן אין אייראָפּע און אַנדערע וועלט טיילן, און זיך אַקטיוו באַטייליקט אין קאַמף פאַר דעמאָקראַטיע און פרייהייט און אין דער באָיקאָט־באַוועגונג קעגן פאַשיזם און נאַציזם.

די מיטגלידערשאַפט פון אַ. ר. באַשטייט איצט פון 72,242 פערזאָן, איינגעטיילט אין 744 מענער, פרויען און ענגליש־רעדנדיקע ברענטשעס.

דער אַ. ר. איז אינקאָרפּאָרירט אין 31 שטאַטן און אין 4 פּראָווינצן פון קאַנאַדע.

אַלע מיטגלידער זיינען אינשורט אין $17,000,000.00. דאָס פאַרמעגן פון אַרבעטער־רינג באַשטייט פון $7,684,541.00.

דער אַלד־אייִדזש פאָנד באַשטייט פון — $565,171.10.

דער אַרבעטער־רינג האָט אויסגעצאָלט צו די מיטגלידער ביז איצט אין אַלערליי בענעפיטן די סומע פון $17,058,996.00 אויף פאָלגנדיקן אופן:

| | |
|---|---|
| קראַנקן־בענעפיט | 8,094,062 |
| קאָנסאָמפשאָן־בענעפיט און סאַנאַטאָריום־הוצאות | 3,493,979 |
| טויטן־בענעפיט | 3,728,947 |
| לויה־הוצאות | 1,442,008 |
| הילף צו אַלטע מיטגלידער | 300,000 |
| סך־הכל | $17,058,996 |

אין דער סומע גייען ניט אַריין די הוצאות פאַר בילדונג און דערציאונג פון די ברענטשעס און די שולן, וואָס האָבן באַטראָפן די לעצטע פיר יאָר אַליין די סומע פון $2,000,000.00.

די לעצטע 20 יאָר־אַליין האָט דער אַ. ר., דורך די קאָנווענשאָנס און די ברענטשעס אויסגעגעבן אויף אַלערליי הילפס־אַקציעס די סומע פון $4,500,000.00.

פון דעצעמבער 1931 ביז דעצעמבער 1939 איז דער פאַרמעגן פון אַ. ר. געשטיגן אויף דער סומע פון $2,132,994.00.

# A Word in Closing

# שלום־וואָרט

The book, "40 Years Workmen's Circle," which we present here to our readers, is a brief chronicle of facts and figures on the origin, growth and achievements of the Workmen's Circle. It is not a history of episodes and events, nor of internal ideological conflicts among persons, factions and groups.

I regret that the limited scope of this book does not permit mention of persons, living and dead, whose vital contributions and accomplishments in behalf of the Workmen's Circle should be inscribed in gold, upon the colossal edifice that is the *Workmen's Circle*.

In compiling the data and facts included in this book the author used the following sources: the authoritative two-volume "History of the Workmen's Circle," by A. S. Sachs; "History of the Workmen's Circle," by Maximilian Hurwitz; Philadelphia School Almanac (1935); the yearly volume-bound collections of "The Friend" which contain the minutes and decisions of the National Executive Committees; the Convention Bulletins; and the multitude of office and branch publications.

I should like to express my appreciation to Friends J. Baskin, N. Chanin, and B. Gebiner for their wise guidance, for their eager and warm cooperation, and for the numerous valuable suggestions they gave me while the book was in preparation.

Thanks are due the office staff and the heads of all departments for the important data with which they supplied me in assembling the Department pages and the graphic material. For the convenience of our members we present the text in both Yiddish and English. In some instances the text is in one language because of space limitations

The illustrations, sketches, headings, decorations, and diagrams for this book were prepared by the well known artists and illustrators, Saul Raskin, Nathan Koslowsky, Mitchel Loeb, Boris Tumarin, Sigmund Furst, Herman Garfinkel and Peretz Kaminsky.

Special recognition is due Peretz Kaminsky for assistance in designing the book, preparing the page layouts, and executing the technical details for publication. I should also like to extend thanks to S. Yefroikin for having read the Yiddish proofs, and to William Stern, of the English-Speaking Division of the Workmen's Circle, for having read the English proofs.

I regret, indeed, that lack of space has made it impossible to include all of the infinite number of facts, statistics and data that reveal clearly and distinctly the kind of moral and constructive force which the Workmen's Circle has been—in all aspects of Jewish and labor life—within the past forty years. Finally, I should like to express my sincerest thanks to the National Executive Committee for the privilege they have bestowed upon me, in entrusting in my hands the creation of this book.

דאָס בוך „40 יאָר אַרבעטער־רינג" וואָס מיר לייגן דאָ פאָר דעם לייענער, איז אַ קורצע כראָנאָלאָגיע פון פאַקטן און ציפערן וועגן דעם געבורט, וואוקס און אויפטואונגען פון אַרבעטער־רינג. עס איז ניט קיין געשיכטע פון געשעענישן און פאַסירונגען, פון אינערלעכע אידייען־קאַמפן און אידעאָלאָגישע רייבונגען צווישן פּערזאָנען, גרופּן און ריכטונגען.

מיר באַדויערן זייער, וואָס אין די ענגע ראָמען פון דער אַרבעט קענען ניט אַריינגיין אַ ריי פּערזאָנען, פאַרשטאָרבענע און לעבעדיקע, וועמעס גרויסע לייסטונגען און אויפטואונגען פאַרן אַ. ר. דאַרפן אויסגעקריצט ווערן מיט גאָלדענע אותיות אויף דעם מעכטיקן פעלדז וואָס הייסט אַרבעטער־רינג.

די מאַטעריאַלן און פאַקטן וואָס גייען אַריין אין דעם בוך זיינען גענומען געוואָרן פון דער אויסגעצייכנטער, מאָנומענטאַלער אַרבעט, די צוויי־בענדיקע געשיכטע פון אַ. ר. פון א. ש. זאַקס; פון „די היסטאָרי אָוו די וואָירקמענס סוירקל" פון מאַקסימיליאַן האָראָוויץ; פון פילאַדעלפיער שול־אַלמאַנאַך (1935); פון די יאָרגאַנגען דער „פריינד", וואו עס ווערן פאַרעפנטלעכט די פּראָטאָקאָלן און באַשלוסן פון די נאַציאָנאַלע עקזעקוטיוועס; פון די קאָנווענשאָן־בולעטענען און פון די אָן אַ שיעור אָפיס־ און ברענטש־אויסגאַבעס.

איך וויל דאָ אויסדריקן אַ דאַנק צו די פריינד י. באַסקין, נ. כאַנין און ב. געבינער, אונטער וועמעס רעדאַקציע דאָס בוך איז צוגעגרייט געוואָרן, פאַר זייער האַרציקער און וואַרעמער קאָאָפּעראַציע און וויכטיקע אָנווייזונגען, וואָס זיי האָבן מיר געגעבן די גאַנצע צייט וואָס איך האָב געאַרבעט אויפן בוך.

אַ דאַנק קומט דעם אָפיס־סטעף און די הויפּט־אָנפירער פון אַלע דעפּאַרטמענטס פאַר די נויטיקע אינפאָרמאַציעס וואָס איך האָב פון זיי באַקומען ביים צונויפשטעלן די זייטן פון די דעפּאַרטמענטס און ביים צוגרייטן די דיאַגראַמעס.

פאַר דער באַקוועמלעכקייט פון אונדזערע מיטגלידער ווערן דאָ די טעקסטן געגעבן אין אידיש און אין ענגליש. אין אייניקע ערטער, צוליב ענגקייט פון פּלאַץ, האָבן מיר די טעקסטן געגעבן אין איין שפּראַך.

דער אויסלייג פון דעם בוך איז, מיט קליינע אויסנאַמען, לויט די תקנות פון ייווא. בלויז אין די ציטאַטן, וואָס ווערן געבראַכט אין דעם בוך, זיינען איבערגעלאָזט געוואָרן די אַלטע אויסדרוקן און דער אַמאָליקער אויסלייג.

די מאָלערייען, צייכענונגען, אָרנאַמענטן, קעפּלעך, באַפּוצונגען און דיאַגראַמעס פאַר דעם בוך זיינען צוגעשטעלט געוואָרן פון די באַוואוסטע מאָלער און אילוסטראַטאָרן: שאול ראַסקין, נאָטע קאָזלאָווסקי, מיטשעל לאָעב, באָריס טומאַרין, זיגמונד פורסט, הערמאַן גאָרפינקל און פּרץ קאַמינסקי.

אַ באַזונדערע אָנערקענונג קומט צו פּרץ קאַמינסקי, וועלכער האָט מיר געהאָלפן „דעזיינען", „אויסלייגן די זייטן" און טעכניש דורכפירן די קאָמפּליצירטע אַרבעט פון צוגרייטן דאָס בוך צום דרוק. איך וויל דאָ אויך געבן אַ דאַנק ז. יעפרויקינען פאַרן דורכקוקן די אידישע קאָרעקטור און צו ווילי סטוירן, פון דער ענגלישער אָפּטיילונג פון אַ. ר., פאַרן דורכקוקן די ענגלישע קאָרעקטור.

איך באַדויער זייער וואָס צוליב מאַנגל אין פּלאַץ האָבן ניט געקענט אַרויסגעבראַכט ווערן די טויזנטער און טויזנטער פאַקטן, ציפערן און מאַטעריאַלן וואָס ווייזן בולט און באַשטימט וואָס פאַר אַ גרויסע מאָראַלישע און קאָנסטרוקטיווע קראַפט דער אַרב.־רינג איז געווען אין די לעצטע 40 יאָר פון אונדזער אידישן און אַרבעטער לעבן דאָ אין אַמעריקע אויף אַלע געביטן.


J. Kaminsky,
May, 1940.

י. קאַמינסקי,
מאַי 1940. ניו־יאָרק.



New York.
Printed in the U.S.A.




אַ נייע וועלט, אַ גרעסערע, אַ שענערע, אַ בעסערע וועט ווערן אויפגעשטעלט.
מיר בויען זי מיט אונדזער מוט, מיט אונדזער גייסט, מיט אונדזער בלוט.—
מיר, בירגער פון דער וועלט. — ש. אַנסקי.

